זעליג בערקאָוויטש

# מיין שטעטל קלאָבוצק

(דערמאָנונגען)



שטאָקהאָלם 1975

זעליג בערקאוויטש

# מיין שטעטל
# לאבוזל

— דערמאנונגען —

SELEK BERKOWITZ

Stockholm 1975

S E L E K   B E R K O W I T Z

# 5 Å R   K O N C E N T R A T I O N S L Ä G E R

# M I N   L I L L A   S T A D   K L O B U C K

=========================

====================

================

============

========

====

==

=

S T O C K H O L M   1 9 7 5

# פ א ר ו ו א ר ט

ליבע לייענער,

שוין דאס צווייטע מאל,ווי איך ווענד זיך צו אייך,מיינע ליבע קלאבוצקער לאנדסלייט,נאכדעם ווי איך האב געשריבן מיין ערשטן העפט אונטערן נאמען:"אפגעגנארט די טויטע",וועגן דעם פלויט ארום אונזער קלאבוצקער בית-עולם.

דאסמאל וויל איך אייך דערציילן אביסל וועגן מיינע אייגענע איבערלעבענישן אלס קאצעטניק,אין משך פון קנאפע ל יאר,ווי אויך וועגן אונזער יידיש שטעטעלע קלאבוצק.

עס קאסט מיך פיל מי און געלט,אבער איך שיק אייך דאס ביכל בחינם.איין זאך,וואס איך בעט אייך און ווענד זיך צו אייער הארץ און נשמה: זאל געפלאנצט ווערן א וואלד אין ישראל,צום אנדענק פון אונזערע קדושים,וואס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

אזוי ווי מיר האבן שוין איין מאל דורכגעפירט א געלט-זאמלונג צו בויען א פלויט ארום דעם בית-

עולם אין קלאבוצק,און מיר זענען מיאוס אפגע-
נארט געווארן דורך דער פוילישער אנטיסעמיטישער
רעגירונג,צוזאמען מיט זייערע יידישע מה-יפית'-
ניקעס,וויל איך מער נישט אונטערנעמען קיין אי-
ניציאטיוו פון א געלט-זאמלונג.(א געווויסן דער-
פאלג האט די אקציע דאן געהאט,ווייל ביזהיינט,
אנהייב 1975,איז דער הייליקער פלאץ נישט גע-
רירט,נישט פארשוועכט,אונזערע קדושים ליגן אין
פרידן).יעדער,וואס וויל,קען שיקן געלט-ביימער
קיין ירושלים.זאל בלייבן א זכר עולם פאר אונ-
זערע קדושים פון קלאבוצק אין ישראל.דאס וועט
במילא אויך זיין א שטיצע פאר אונזער הייליק
לאנד.

דאס איז דער פליכט און חוב פאר די אומגעקו-
מענע אויף קידוש השם,ווי אויך פאר די,וואס האבן
איבערגעלעבט דעם גרויסן חורבן.

זעליק בערקאוויטש

---

אדרעס פאר געלט-ביימער:

קרן קימת,"בנק לאומי",<u>ירושלים</u>
מס' 102405/29
(קלאבוצק)                <u>ישראל</u>



## מײַנע דערמאָנונגען

איך האָב איבערגעלעבט די צווייטע וועלט-מלחמה, אַליין געווען פאַרשיקט אין 7 קאָנצענטראַציע-לאַגערן במשך קנאַפּע 5 יאָר. איך האָב אַ סך צו דערציילן. כ׳בין אַ פּשוטער פאָלקס-מענטש, און וועל דערציילן אויף מײַן קלאָבוצקער מאַמע-לשון, אַז יעדער זאָל מיך פאַרשטיין. ביי מײַנע לאַנדסלייט וועט עס זיכער דערוועקן פיל זכרונות, ווען איך וועל זיי דערמאָנען פּלעצער און נעמען, וואָס זענען זיי פּונקט אַזוי טייער ווי מיר גופא.

קלאָבוצק געפינט זיך 16 קילאָמעטער פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואָס איז פאַרהייליקט דורך די פּוילישע קאַטאָליקן. זיי זענען יעדעס יאָר עולי רגל צו דער הייליקער מאַדאָנע אויפן באַרג "שוויענטאַ גוראַ". ווי פיל שטעטלעך אין פּוילן, איז די הויפּט-גאַס און דער מאַרק באַוווינט געווען פון יידן - יידישע קראָמען, יידישע אַרעמקייט און ווייניק פּרנסה. שניידערס, שטעפּערס, קצבים, דאָרף-גייער, פערד-הענדלער. די שניידער (טאַנדעטניקעס) פלעגן פאָרן אויף די מערק אין

די ארומיקע שטעטלעך,פארקויפן אנצוגן,פאלטנס.
די דארפס-גייער האבן איינגעקויפט אין די ארו-
מיקע דערפער אביסל קארטאפל,תבואה,א קעלבל.דאס
אלץ איז געפירט געווארן קיין טשענסטאכאוו,א
גרויסע שטאט פון 150 טויזנט איינוווינער.די
דארפס-גייער האבן נישט איין מאל געהאט אויס-
צושטיין פון די אנטיסעמיטן,וואס האבן זיי גע-
שלאגן,נאכגעווארפן זיי שטיינער.עס האט גע-
טראפן,אז די פוילישע מערדער האבן א ייד פאר-
מוטשעט צום טויט.אבער וואס האט א ייד געקענט
טאן,ווען ער האט געמוזט זוכן פרנסה?

כ"געדענק פון מיינע קינדער-יארן די יידישע
פורמאנעס,וואס האבן געפירט סחורה אין די שטעט
און שטעטלעך.זיי זענען ארויסגעפארן באגינען
און צוריקגעקומען שפעט אין אוונט,זומער און
די היצן און ווינטער אין די טיפע שנייען.די
יידישע פורמאנעס זענען געווען באקאנט - בעריש
רישפשטיין,משה גראנעק,כולקא קורצבארט,יאנקל
מאנטעל.שפעטער,אין 1920,האט זיך אנגעהויבן
דער פארקער מיט אויטאבוסן,וואס האבן ביסלעכ-
ווייז ארויסגעשטויסן די ריסארסקעס.

אין שטעטל האבן געלעבט א פיר הונדערט משפחות,

ארום 16 הונדערט נפשות;ערלעכע יידן,שטרענג-
רעליגיעזע,אלע ארבעטער,הענדלער.שבת נאכן
טשאלנט זענען פיל פון זיי געקומען אין בית-
המדרש הערן לערנען תורה.געלערנט מיט זיי האט
ר' שלמה שוחט,דער זון פון דוד-הירש שוחט,
וואס איז געווען דער זון פון אלטן ר' נאטע
שוחט.אויף ר' שלמהן האט גערוט די שכינה,ווען
ער האט מיט די פשוטע,ערלעכע יידן געלערנט.
מען האט פארגעסן אלע וועכעדיקע דאגות פרנסה,
מען האט געשוועבט אין די עלמות העליונות.

ס'האט פאסירט,אז דער זון פון א קצב האט
זיך ראזירט די בארד;האט אונזער רב גאלדבערג
געשיקט נאך אים ר' שלמה שמש.און דער רב האט
אים געמוסרט:"וועסט זיך ראזירן,וועט מען דיר
אסרן די שחיטה".(דאס איז געווען מרדכי געל-
בארט).איינמאל אין יום כיפור איז א יידענע
געקומען אין שול אריין,אן א שייטל אויפן קאפ.
האט דער רב געקלאפט אין שטענדער אריין און
געשריגן:"מיר דאווענען נישט,ביז די יידענע
וועט נישט ארויס פון שול!" (דאס איז געווען
פריידע,די פרוי פון איציק לייב שפערלינג).
שבת זענען אלע יידישע קראמען געווען גע-

שלאסן,ווי אויך אלע ווארשטאטן.די פאליאקן האבן שוין געוווסט,אז די געוועלבלעך וועלן זיך עפענען,ווען ס'וועט זיך באווייזן דער ערשטער שטערן אויפן הימל און ס'וועט ווערן אויס-שבת.זיי האבן עס געמוזט אקצעפטירן.

אין דער ערשטער וועלט-מלחמה זענען די יידן צופרידן געווען פטור צו ווערן פון די רוסן. עס האט זיך זיי א סך בעסער געלעבט ביי די דייטשן.עס זענען נאך דעמאלט נישט געווען קיין נאציס.זיי האבן איינגעפירט שולן,בעסערע היגי-ענישע באדינגונגען.מען האט אויך געהאנדלט מיט זיי און - געשמוגלט.מיט איין ווארט,יידן האבן זיך אן עצה געגעבן.אבער ווי נאר פוילן איז פריי געווארן,זענען אין 1920 געקומען די סאלדאטן פון האלערס ארמיי,די האלערטשיקעס, געשניטן בערד ביי יידן,געמאכט פאגראמען.מיין פאטער איז געלונגען צו דערהאלטן זיין שיינע, שווארצע בארד,וויל ער האט זיך באהאלטן אין א קעלער.אבער ביי מיין רבין,אליהו שפערלינג, האבן זיי אפגעשניטן די בארד און ער איז לאנג דערנאך ארומגעגאנגען פארבונדן דאס פנים מיט א טיכל...

אזוי האט זיך דאס נייע פוילן אנגעהויבן

מיטן אנטיסעמיטיזם. יידישע קינדער זענען אויפ-

געצויגן געווארן אין שטענדיקער מורא, אין שרעק

פארן גוי. מיר לויפן זיך באדן אין זאקרזעווער

סטאַוו, ווארפט מען אונז נאך שטיינער און מען

שריים: זשיד! איר האט געהרגעט יעזוסן... ווען

ט'קומט זייער "גרינער דאנערשטיק", איז א מורא

צו ווייזן זיך אין גאס. די גוים טראגן זייערע

הייליקע בילדער פון דער מאריא-מאדאנא. די

גלחים אין זייער קאשציאל העצן קעגן יידן. די

מאמע מיינע פארשליסט די טיר און לאזט אונז

נישט ארויסגיין. אבער איך בין נייגעריק, קריך

איך ארויס דורך א פענצטער, באהאלט זיך אין א

ווינקל גאס און קוק זיך צו צו זייער פראצעסיע

מיט שרעק, זיי זאלן נישט מאכן קיין פאגראם...

צוויי וועלטן טיילן אונז אפ - אונזער

יידישע וועלט, אונזערע יום טובים. יום כיפור

זענען אלע יידן אין שול, צו וויינען און בעטן.

פון דער ווייבער-שול טראגן זיך געוויינען.

איך טראג נאך דעם מחזור פון מיין מאמען, פאר

אונזערע שכנים. אויך דאס טשאלנט פון בעקער

האב איך געבראכט, ווייל שבת טאר מען דאך נישט

טראגן.ווי הארציק איז געווען דאס דאווענען
פון דוד הערש שוחט,פון זיין זון שלמה שוחט.
גישט אזוי זיין שטימע,אבער זיינע תפילות זע-
נען זיכער דערגאנגען צום רבונו של עולם.איך
דערמאן זיך ווי ביי כל נדרי האבן יידן אזוי
שטארק געוויינט,אז דער הימל האט מיט געוויינט.
פאר די אויגן שטייען מיר נאך די סליחות-נעכט,
דער ערב יום כיפור.אלץ האט געצויגן אין שול
אריין.נאנט ביים שטעטל איז געפלאסן דער טייך,
און ווען יידן זענען געגאנגען צו תשליך,האט
מען קיין קריסטן נישט געזען.

אין "יזכור-בוך" פון קלאבוצק איז שוין
וועגן דעם א סך געשריבן געווארן,איך וויל
נאר דערמאנען וועגן אזעלכע יידן,וואס איך
טראג זיי עד היום אין מיין זכרון: איצעק אלא
בעסער האט געוווינט דאס צווייטע הויז פון
אונז.ער איז געווען א בלעכער,האט אפילו פאר-
ריכט דעם דאך פון גוישן קאסטשאל.ער האט אויך
געשפילט פידל.איך האב מיט מתיקות צוגעהערט
זיך צום שפילן פון זיין פידעלע.איך בין שטענ-
דיק מיטגעלאפן מיט אים צו זיין ארבעט אין
זאגערזער שלאס.רעליגיעזע,אנשטענדיקע יידן.

דער פאטער,אברם -איטשע בעסער,איז געווען א שטארק פרומער ייד.איבערגעלעבט די קריג האט איציק אלא מיט זיין פרוי,איין זון און איין טאכטער.זיי לעבן היינט אין אמעריקע.אין 1970 איז איציק אלא געשטארבן.איך האב באזוכט זיין קבר אין קליוולאנד.

אויך עטל די גערטנערין - די פאמיליע זייערע איז געווען מארדער - איז געווען אונזערע א נאענטע שכנה.אירע טעכטער האבן זיך געחברט מיט מיין שוועסטער.איין זון,מאטל,איז געווען א פאטאגראפיסט.זיינס א פאטא,וואס ער האט געמאכט פון אונזער חדר,געפינט זיך אין קלאבוצקער יזכור-בוך.דארט איז אויך פאראן מיין לערער פישל באנקער.צוויי פרויען אין קלאבוצק האבן געקענט לערנען,פונקט ווי אלע פרומע יידן. איינע איז געווען די כאדזינא - אזוי האט מען זי גערופן - און די צווייטע - עטל מארדער,די גערטנערין.די יונגסטע,שולמית,האט געשפילט מיט אונז טעאטער אין דראמאטישן קרייז. זי און פישל קליינבערג האבן פארמאגט אמתע ארטיסטישע פעאיקייטן.שולמית און מאטל ווינען אין ארגענטינע.איין טאכטער,פרימעט,האט געלעבט

אין שוועדן,שטאקהאלם.זי איז געשטארבן אין פעברואר 1974.איר ארנטלעכקייט און פרומקייט האט זי נאך גערשנט פון איר מוטער.אירע צוויי זין זענען אויפגעצויגן אין שטרענגן רעליגיעזן גייסט.

אויך אונזער היים איז געווען זייער פרום. מיין פאטער האט שטענדיק ארייינגעקוקט אין עפעס א ספרל.אין שטוב איז געשטאנען א ספרים-שענקל.מיין מאמע האט געקויפט נאר כשרע פוטער און מילך,געקויפט ביי איציק שפערלינג.פריי-טיק-צונאכטס זענען מיר,פיר קינדער,געזעסן ביים שבתדיקן טיש.דערנאך בין איך ארונטער צו מיין פעטער דביאל זעלקאוויטש,מיין מאמעס ברו-דער.ביי אים האט זיך געפירט א טיש,ווי ביי א רבין.ביי אים זענען געווען 10 קינדער. דער פעטער איז געזעסן אויבן-אן,ווי א קעניג.מיין מומע רייזל-לאה האט זיך געפארעט צוצוגעבן דאס עסן צום טיש,מיט דער הילף פון די טעכטער. דאס זמירות זינגען,דאס בענטשן ליגט מיר נאך ביז היינט אין זכרון.מיין פעטער,אומגעקומען אין טשענסטאכאווער געטא,האט זיך פארנומען מיט קהלשע ענינים.איבערגעלעבט האבן בלויז

5 קינדער.4 קינדער לעבן מיט זייערע פאמיליעס אין טשיקאגא,לעאן מיט זיין משפחה - אין מיב-כען.

וועז כ'בין אלט געווען פיר יאר,האט מיך מיין שוועסטער ליבע געטראגן אויפן פלייצע אין חדר אריין.ס'איז געווען ווינטער,קאלט, גליטשיק.דאס איז געווען מיין ערשטער חדר ביי העניך רבנטשקעלע.זיין ריכטיקן נאמען געדענק איך נישט.איך האב געקוועטשט די חדרים-בענק פון 7 פרי ביז 7 אויף דער נאכט - ביי פייוול הערשליקאוויטש,ישראל לאפידעס,פרץ מלמד,אלא שפערלינג,דערנאך - אין דעם חדר "יסוד התורה ב'קלאבוצק",מיטן מנהל זישע.דאס איז געווען א מאדערן חדר,געטיילט אין קלאסן,מיט אן עקסטרא לערער,פישל באנקיער,פון סאסנאוויץ.

אין 1916 האט אנגעהויבן ארייבצודרינגען אין שטעטל די יידישע קולטור-ווינטן - א יידיש בוך,א צייטונג.עס איז געווען א לאקאל אויפן טשענסטאכאווער וועג און דארט האבן געפירט די קולטור-ארבעט זעלדע שוסטערס (זאלטאבראצקי), מיין שוועסטער ליבע.זי איז געווען ביי אונז די עלטסטע אין הויז.זי האט געזונגען לידער

פון י.ל.פרץ,דוד עדעלשטאט און אנדערע יידישע
שרייבער.אין דעם לאקאל האט מען פון דער ביב-
ליאטעק אויסגעבארגט א יידיש בוך,מען האט דארט
געקענט לייענען א יידישע ציטונג.דערנאך איז
די קולטור-טעטיקייט אפגעשוואכט געווארן.ערשט
אין 1925 איז אויפגעקומען א נייער שטראם פון
קולטור-פאליטישן לעבן.די ביבליאטעק אויפן נא-
מען פון י.ל.פרץ האט געבליט,עס האבן געבליט
יידישע ארגאניזאציעס,די ציוניסטישע,התאחדות
און דאס רעוויזאניסטישע "בית"ר".אויך די רעליג-
יעזע יוגנט האט געהאט אן אייגענע ביבליאטעק,
ווי אויך די "מזרחי".אין דער י.ל.פרץ ביבלא-
טעק האבן עקזיסטירט אוונט קורסן,וו די יוגנט
האט זיך געלערנט שרייבן און לייענען,סיי יידיש
און סיי פויליש.איך האב גענומען ביכער אין
דער י.ל.פרץ ביבליאטעק און ממש געגאשט פון
דער יידישער ליטעראטור.די ביבליאטעק איז דע-
מאלט געשטאנען אונטער דער השפעה פון דער "פאר-
אייניקטע",א.נ. "געזעלשאפט בילדונג" און איר
פירער איז געווען דר. יוסף קרוק.ער איז גע-
ווען א טשענסטאכאווער,פירער פון דער אומאפ-
הענגיקער ארבעטער-פארטיי.ער איז אפט געקומען

אויף רעפעראטן וועגן פאליטישע און ליטעראַרישע טעמעס.מיר האבן א סך געגאסן פון אים.ער האט די לעצטע יארן גע לעבט אין ישראל,ארויסגעגעבן וויכטיקע ביכער,איז געשטארבן אין יאר 1972.

כ׳האב אויך געליי‌ענט ביכער פון דער "אגו-דה"-ביבליאטעק,דורך מיין חבר לייביש פרידמאן (יונה פרידמאנס זון).איך בין געוועזן זייער דורשטיק צו די ביכער.אונזער ביבליאטעקאר, מרדכי גליקסמאן,האט מיר נישט געוואלט געבן די ביכער,וואס איך האב געבעטן,ביזט נאך צו-יונג - האט ער מיר געזאגט.איך האב זיך אבער איינגעשפארט און יא באקומען דאס בוך.ער האט מיר דערנאך אויסגעפרעגט וועגן אינהאלט,און ער האט געזען,אז איך פארשטיי יא דעם אינהאלט פון בוך.מרדכי איז געווען א גוטע נשמה,האט שטלערהיים געשריבן לידער.אויך זיין פאטער יוסף (מישלער) האט ליב געהאט צו לייענען אונ-זערע קלאסיקער,און טיילמאל מיט אונז,יונגע, גערן דיסקוטירט.

די קולטור-ארבעט האבן מיר געפירט נישט נאר אין לאקאל,נאר אויך אויף דער פרייער נאטור. שבתדיקן טאג זענען מיר אין גרופן געלעגן אין

די ארומיקע וועלדער,געלייענט,דיסקוטירט,דורכ-
געפירט א משפט איבער א בוך,דיסקוטירט די פא-
ליטישע געשעענישן.טיילמאל האבן מיר זיך פאר-
זאמלט אין גארטן פון אונזער בעסטן חבר אהרן
שמולעוויטש (דעפארטירט פון טשענסטאכאווער גע-
טא,אומגעבראכט אין טרעבלינקע).אין יאר 1942,
זייענדיק נאך אין געטא,האט ער אלע דערמוטיקט,
אז עס וועט דאך קומען א וועלט פון יושר.אזוי
נאיוו זענען מיר דעמאלט געווען...

עס איז כדאי צו דערציילן וועגן געוויסע
כאראקטעריסטישע טיפן פון אונזע שטעטל.ביי
אונז אין שטעטל,ווי אין אנדערע שטעטלעך,האט
מען זיך נישט גערופן ביי די פאמיליע-נעמען,
נאר צ.ב.- רודל מאנטשעס,הינדל יעקב׳ס,דבורה
פייוולס,חיהלע שלמה׳ס,יענטל דער רביצנס,איציק
מאשה משה דוד׳ס,דער בענדל-מאכער.ווער האט דען
געוווסט,אז דער בענדל-מאכער הייסט לויטן פא-
מיליע-נאמען - וויינמאן? (זיין זון משהל וויינ
מאן וווינט אין פאריז זייט 1928).

ווען איך בין נאך געווען א קינד,האב איך
מיך שטענדיק געהיטן פאר צוויי יידן - מאנטשע
קצב (אונגליק) און פאר יוסף מאיר שוסטער

(לאנגער). ניסט דערפאר ווייל זיי זענען
געוועזן שלעכטע; פארקערט, זיי האבן זייער ליב-
געהאט קינדער. זיי האבן אבער אזוי שטארק
געדריקט מיינע קינדערישע הענטלעך, אז ס'האט
אזש וויי געטאן, דאס האבן זיי געטאן פאר
ליבשאפט.
מיט מיין טאטן בין איך יעדן פרייטיק מיטגעגא-
נגען אין מקווה אריין.
דער רויטער לייב-מקווהניק האט דארט זיך
געפארעט, צוגעזען אז דער קעסל זאל זיין גוט
געהייצט, ווען דער קעסל איז קאלט געווארן,
האט ער ארייגעשטעלט נאך אן אייזערן אין
קעלער, געהייצט מיט האלץ.
דער קעסל איז געשטאנען האלב אין וואסער,
פארפעסטיקט מיט אייזענע שטאנגען צום באדן.
ווען איך האב מיין ארונטערגעלאזט אונטערן
וואסער, און אויפגעהויבן א שטאנג, איז דער
קעסל ארויף גאנץ אויבן, און אפגעבריט מיין
רבין, פרץ מלמד,
מען איז געווען יונג און אביסל ווילד,;,
ערב שבועות האט מיין מאמע מיך מיט מיין ברודער
ישראל באפוילן צו גיין קיין קאמיק, 6 קילאמעטער
פון קלאבוצק, צו ברענגען שיינע טאטער וואס
איז דארט געוואקסן, ווייל שבועות האט מען אויס-
געפוצט די שטיבן מיט גרינס. אין קאמיק האט
געוווינט מיין מומע זיסל, מיין טאטנס

שוועסטער.אויפן וועג האט מיר דער טאטע אלעמאל געפירט דורכן בית עולם.דורך די לעכער פון פלויט האט מען געקענט אריינקומען.מיין טאטער האט מיר געוויזן:"דא ליגט דער זיידע אברהם-בער,דא ליגט די באבע".ער האט מיר געוויזן ווי אזוי צו לייענען די אויפשריפטן אויף די מצבות. דאס האט מיר אפשר מיט יארן שפעטער געגעבן דעם מוט און כוח צו קעמפן אזויפיל,מען זאל אויפ-בויען א פעסטע מויער ארום אונזער בית עולם אין קלאבוצק.דאס איז שוין געווען אין די יארן 1967-1972.איך געדענק גוט אונזער רב גאלד-בערג און דעם שמש פון קלויז שלמה.דער רב האט שבת געהאלטן א דרשה און שלמה שמש האט געקלאפט אין טיש אריין,און געמאלדן אלע וויכטיקע מו-דעות פון דער קהילה.אין די ערב ימים נוראים-נעכט האט שלמה שמש געקלאפט מיטן האמער אין די לאדן אריין:"צו סליחות! צו סליחות!".

לייענען א יידיש בוך,האט געהייסן,אז מען לייענט טריף-פסול.ווען מיין ברודער האט דאס ערשטע מאל אהיינגעבראכט א יידיש בוך,האט די מאמע עס געווארפן אין פייער אריין.איך האב געלייענט דריבער באהאלטענערהייט.

שבת באלד אין דער פרי איז דער ערשטער אין
שול געווען חיים-משה גאלדבערג,דער פאטער פון
געלן אשר.איך הער נאך היינט דאס קול פון זיין
התלהבותדיקן דאוונען:"יגדל אלהים... חי ויש-
תבח נמצא,ואין עת אל מציאותו"...ער האט עס גע-
זאגט מיט א שיינעם ניגון.מיין פאטער האט מיר
מיטגענומען אין שול גאנץ פרי.אויף שבת האט
מען פארזארגט מיט א סך וואסער צום טרינקען.
דאס האט געטאן פראדעלע (פריידל הללס),ווייל
דאס גאנצע שטעטל האט נאר געהאט עטלעכע פלומ-
פן צו צאפן וואסער.

העגעלע הערצקעס (פייגע) איז געשטאנען אין
מארק,און טאמער איז געווען א לויה,איז זי
מיטגעגאנגען,צו בעטן אויפן קבר פון איר מאמע
שרה'לע,זי זאל זיך מיען און איר איינשאפן א
חתן.איך וויל אויך דערמאנען א ייד,וואס האט
געוווינט אין מארק,וואלף ווייס,אן ארנטלעכער,
פרומער ייד.בלויז זיין יונגסטע טאכטער דולא
האט איבערגעלעבט.איך דערמאן עס,ווייל זיין
יונגסטער זון חיים איז אויסגעגאנגען אין לא-
גער מארקשטאט,כמעט א קינד נאך זייך הייליקע
נשמה האט ער אויסגעהויכט אין מיין אנוועזנ-

הייט.נאך היינט הער איך זיינע לעצטע ווערטער: "אוי, זעליק...אוי,זעליק"...איך בין געווען לעבן אים.פאראן מאמענטן אין לעבן,וואס מען קען נישט פארגעסן.

דער אנטיסעמיטיזם פון די פאליאקן אין אונזער שטעטל האט זיך ארויסגעוויזן אין זיין גאנצער וויהשקייט,ווען ס׳איז אויסגעבראכן די מלחמה אין 1939.זיי האבן געמסרט פאר די דייטשן חיים מענדל מאס.מיכאל מאס (ליימשעס זון),זלמה ווייכמאן און זיין זון איציק און זיין טאכטער באטשא זענען געווען באהאלטן אין א סטאדאלע. איז ארייננעקומען דער זון פון שכן ראגאטשעווסקי,און איבערגעגעבן וועגן מיכאל מאס,אז די, וואס האבן אים אויסגעגעבן,האבן באקומען 50 זלאטעס.ער האט געגעבן צו פארשטיין,אז מען זאל אים אויך געבן געלט פאר נישט אויסגעבן.דאס זענען געווען די "גוטע" שכנים".מיט אסתר ראזענטאל (כעמיע סקארפעס פרוי) האט פאסירט,אז א שכנה האט זי געמסרט צו די דייטשן בעת דער אויסזידלונג זי איז דעפארטירט געווארן צוזאמען מיט איר קינד.

די פאליאקן אין אונזער שטעטל זענען געווען

זייער פרום-קאטויליש,אבער איבערצוגעבן א ייד
צו די דייטשן איז געווען - א מצווה.איך וויל
אבער אויך דערמאנען אמתע יידן-פרייגנט: די פא-
מיליע קלעפאטש,די פאמיליע דזעמבא,די פאמיליע
ווילק,ווי אויך די מיארקעס - זיי אלע האבן
אלץ געטאן פאר יידן,זיי צו ראטעווען;ספעציעל
דער גוטבאזיצער פון דארף ליבידזא.מיר האבן
אים גערופן: דער ליבידזער שרה;ער איז פאק-
טיש געווען א פאלקס-דייטש.אויך אין דער ערש-
טער וועלט-מלחמה האט ער אפגעראטעוועט עטלעכע
יידן פון טויט.בעת דער לעצטע מלחמה האט ער
זיך זייער גוט באצויגן צו יידן;האט אפילו
נישט געוואלט אונטערשרייבן זיין צוגעהעריקייט
צום דייטשן פאלק,ווי זיי האבן דאס געפאדערט
ביי אים.דער סוף איז געווען,אז זיי האבן אים
אליין אויך אומגעבראכט אין א לאגער.

אזוי האבן יידן אין פוילן אלעמאל געלעבט
אין שרעק,ביזן - אומקום אונזערן אויף דער
פוילישער,פארשאלטענער ערד!

---

# ק אַ צ ע ט

זייט יארן, ווי ס׳מאטערט מיך דער געדאנק אוועקצוזעצן זיך און באשרייבן מיינע איבער-לעבענישן פון קנאפע 5 יאר אין קאצעט-לאגער. דער געדאנק לאזט מיך נישט רוען, וועקט מיך אפט אויף ביינאכט פון שלאף, ווי אויך אין מיינע קאשמאר-חלומות:"שרייב, ביז ס׳ווערט נישט צו-שפעט!"...מאך איך זיך אבער א חשבון: ווער בין איך און וואס בין איך, כ׳זאל שרייבן? איך בין אבער געקומען צום אויספיר, אז צווישן אלע דא-קומענטן, דארף אויך בלייבן דער דאקומענט, וואס איך האב צו דערציילן. מיינע מעגלעכקייטן זע-נען אבער באגרענעצט און - ווו נעמט מען פי-זישן כוח צו זיצן און באשרייבן אלע צרות, אויפסניי איבערצולעבן דעם גרויסן גיהנום? ווו נעמט מען דעם גייסטיקן כוח, צו קאנצענט-רירן די געדאנקען, מ׳זאל מיך פארשטיין אין מיין פשוטן מאמע-לשון, יידיש? צייט האב איך גענוג און כ׳האב באשלאסן אנצוהייבן:

אין דעם טאג פון 1-טן סעפטעמבער 1939, ווען ס׳איז אויסגעבראכן די צווייטע וועלט-

מלחמה,וואלט מען געדארפט דערמאנען אין דער גאנצער וועלט,מיטן אויפהענגען שוואַרצע פענער, מיט רויט-בלוטיקע אויפשריפטן נישט פארגעסן!".
אין דעם טאג דארף מען דערמאנען די צענדליקער מיליאנען מענטשן,וואס זענען אומגעקומען דורך די נאצי פארברעכער.קנאפע זעקס יאר האט געדויערט די פארניכטונג.אבער ווי נאר די הארמאטן האבן זיך איינגעשטילט,האבן מענטשן געזוכט צו פארגעסן דעם גרויסן חורבן.יעדעס לאנד האט זיך גענומען זיין טייל פון נצחון.ס'זענען אויפגעשטאנען נייע מנהיגים,זיך צעטיילט מיטן מלחמה-רויב און אריבער צום סדר-היום.

אבער דאס יידישע פאלק,וואס האט געליטן דעם גרעסטן חורבן פון אלע פעלקער,קען נישט און טאָר נישט פארגעסן דעם טאג פון 1-טן סעפטעמבער 1939.דאס גרויסע אומגליק פאר דער וועלט האט זיך איינגנטלעך אנגעהויבן אין חודש מערץ 1933, ווען מ'האט היטלערן איבערגעגעבן די מאכט אין דייטשלאנד.שוין דעמאלט האבן יידן באצאלט מיט די ערשטע קרבנות.

ס'איז נישט גענוג איין מאל אין יאר אן אזכרה,זאגן קדיש.מיר מוזן דערמאנען די וועלט

יעדן טאג.דאס פאדערן פון אונז די מאַרטירער אונזערע:"נישט פארגעסן!".דאס איז אונזער חוב פאר די צוקונפטיקע דורות פון אונזער פאלק אין מדינת ישראל און אין גלות.

מיין געבורטס-שטעטל אין פוילן,קלאבוצק, ליגט גאנץ נאענט צו דער דייטשער גרענעץ,נישט ווייט פון דער שטאט ראזענבערג.באלד אין ערשטן טאג פון דעם מלחמה-אויסברוך,זענען זיי שוין געווען אין שטעטל.עס איז אויסגעבראכן א פא-ניק ביי דער ציוויל-באפעלקערונג,דער עיקר, פארשטייט זיך,ביי יידן.די וועגן ארום שטעטל זענען געווען פול געפאקט מיט מענטשן,אויטאס, פערד און וואגן.אבער ווי ווייט קען מען אנט-לויפן פון אעראפלאנען און טאנקן? האט מען זיך צוריקגעקערט אין שטעטל אריין,ווייל מ'האט שוין געהערט,אז די לאגע אין די גרע-סערע שטעט איז נאך ערגער.זיי באמבארדירן און די פארלוסטן פון דער ציוויל-באפעלקערונג זע-נען זייער גרויס.צוריקגעקומען זענען נישט אלע.פיל זענען אומגעקומען אויף די וועגן.די אעראפלאנען האבן זיך אראפגעלאזן נידעריק און מיט מאשין-געווער האבן זיי געזייט טויט און

פארניכטונג.

איינער פון די ערשטע קרבנות איז געווען מיין עלטערער ברודער (געבוירן אין 1900).ער מיט זיין פרוי און דריי קינדער זענען צוריק געקומען אנצולויפן דעם אנדערן טאג.ביינאכט האט מען געקלאפט אין טויער און מיין ברודער איז אוועק עפענען.ער איז נאך געווען אין די אונטערוועש.די דייטשע סאלדאטן האבן אויפן ארט א סוף געמאכט צו זיין יונג לעבן פון 39 יאר.16 פרישע קברים זענען דערנאך געגראבן געווארן אויפן בית עולם אין קלאבוצק,אין 2 רייען.דאס זענען געווען די ערשטע געפאלענע קדושים פון שטעטל ה.ש.ד.

דעם זעלבן גורל האבן געטיילט אלע אנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן.מ׳האט צוזאמענגעטריבן יידן אין די קלויסטערס,געהאלטן פאר זיי פארסמטע רעדעס,געשלאגן און געפייניקט זיי און זיי אומגעבראכט מיט אלע מיתות משונות.דער פרעזעס פון דער קהלה,ברוך שפערלינג, איז אויפגעהאנגען געווארן ביי די פיס און אזוי איז ער געפייניקט געווארן.עס איז אוממעגלעך געווען ארויסצוגיין אין גאס.מ׳האט געכאפט

מענטשן צו שקלאפן-ארבעט,געשלאגן,געפייניקט,
דערשאסן.דערמיט האבן זיי דערגרייכט צוויי
ציל - אנגעווארפן א פחד אויף דער ציוויל-בא-
פעלקערונג און אויסגעלאדן זייערע מערדערישע
נאצישע אינסטינקטן.

איך האב דעמאלט שוין געוווינט אין לאדזש,
א שטאט פון 7 הונדערטע טויזנט איינוווינער.
איך בין אנטלאפן פון לאדזש ערשט דעם 6-טן
סעפטעמבער,און צוזאמען מיטן גרויסן שטראם
געלאזן זיך אין דער ריכטונג צו דער הויפט-
שטאט.די נאצישע אוויאציע האט אויף די שאסיי-
ען געזייט טויט און פארניכטונג,אראפגעלאזן
זיך נידעריק און געשאסן מיט מאשין-געווער.
די דייטשע היילות האבן אונז אנגעיאגט און
מיר האבן זיך געמוזט אומקערן קיין לאדזש.
די שאסייען זענען געווען פארזייט מיט טויטע.
איך,מיין פרוי,איר שוועסטער מיטן מאן,האבן
זיך קוים צוריק דערקריגן אין לאדזש.7 חדשים
זענען מיר דארט פארבליבן,ביז די דייטשן האבן
די 250 טויזנט יידן פארשפארט אין געטא-באלוט.
שווער איבערצוגעבן,וואס מיר האבן איבערגעלעבט
אין די 7 חדשים.איך האב פאר דער מלחמה גע-

לייענט "דאס ברוינע בוך".דאס איז נאר געווען
א קינדער־שפיל קעגן דעם,וואס זיי האבן אנגע-
טאן אין לאדזש.מ'האט אויסגעמיטן ווי וויים
מעגלעך נישט ארויסצוגיין אין גאס.זיי כאפן א
ייד,שניידן אים אפ בארד און פיאות און צווינ-
גען אים עס אויפצועסן.מ'כאפט יידן צו ארבעט.
200 צווינגט מען צו ליגן אויף דער ערד מיטן
פנים ארויף,און 200 אנדערע מוזן טרעטן אויף
זייערע קערפערס.איך האב געוווינט אויף דער
11-טער ליסטאפאד-גאס,אויפן 3-טן שטאק.קוקט
א יינגעלע פון א יאר 10 אראפ פון פענצטער.
קעגנאיבער שטייען דייטשע זעלנער,א שאס,און -
דאס קינד לעבט נישט מער.זיי גייען ארום איבער
די יידישע געשעפטן מיט וואליזקעס,רויבן אלץ,
וואס נאר זיי געפעלט,אהיימצושיקן עס צו זייע-
רע פאמיליעס אין דייטשלאנד.זיי זאגן: "דאס
רייך וועט שוין באצאלן"...דאס אלץ האבן געטאן
ווערמאכט-סאלדאטן,נאך נישט קיין ס.ס.-באנדיטן.
זיי כאפן צוערשט די אינטעליגענץ,מ'כאפט
מענטשן פון די גאסן,זיי פארשווינדן און מען
ווייסט נישט מער פון זייער גורל.

איך אליין האב נאך אלץ געארבעט אין מיין

פאן,אין פריזיער-סאלאן.ארום 4 נאכמיטאג קומען
איין מאל אריין צוויי זעלנער און איינער פון
זיי זאגט מיר כ'זאל אים געבן דאס ראזיר-מע-
סער.כ'האב עס אים דערלאנגט,און ער האט אויס-
געשטרעקט דאס מעסער צו מיין האלדז און קוקט
אויף מיר מיט צוויי ווילדע אויגן.איך האב
אים האסטיק א קלאפ געגעבן אין האנט,ארויסגע-
שטאפן אים דאס מעסער און ארויסגעלאפן.כ'בין
געלאפן ווילד באהאלטן זיך אין צווייטן הויז,
ביז אויפן פערטן שטאק.

דאס זענען אבער אלץ קלייניקייטן קעגן דעם
וואס האט פאסירט אין די 7 חדשים,ביז מערץ
1940,ווען 250 טויזנט יידן פון לאדזש זענען
אריינגעשפארט געווארן אין די עטלעכע גאסן
פון געטא-באלוט.יעדער צימער איז פארפאקט גע-
ווען מיט עטלעכע משפחות.מיר זענען געווען 6
דערוואקסענע און צוויי קינדער אין איין צי-
מער.יעדן פרימארגן שטייט מען לאנג פארן טוא-
לעט און צו באקומען אביסל וואסער.דורך קאמ-
בינאציעס און טויט-שרעק,איז אונז קוים גע-
לונגען ארויסצושמוגלען זיך פון געטא-לאדזש,
און דורך פארשיידענע אומוועגן,סכנות נפשות,

אומצוקערן זיך אין אונזער געבורט-שטעטל קלאבוצק.

אין שטעטל איז נאך די לאגע געווען פיל בעסער ווי אין געטא לאדזש, יידן האבן נאך געהאנדלט, כדי צו ציען די חיונה, מ'האט ניט געפייניקט יעדן טאג, פון צייט צו צייט האבן זיי געהרגט א ייד, אן שום סיבה.

אזוי האבן זיי דערמארדעט א טאטן פון 7 קינדער (איציק גוואזשדזש). אבער מען האט זיך אויך צום שלעכטן צוגעוווינט, מען האט געגלויבט, אז ערגער קען שוין נישט זיין, מ'האט נאך נישט געהאט קיין באגריף וועגן דער דייטשער "יודען ענדלייזונג", פון אויסראטן די יידן. ס'האט זיך געשאפן דער יודען-ראט.

די דייטשן האבן גלייך באטראכט, אז דורך אן ארגאניזירטן קערפערשאפט וועט זיי זיין לייכטער דורכצופירן זייערע מארד-פלענער. דער יודען-ראט וועט זייערע באפעלן אויספירן.

זיי האבן קודם פארלאנגט, מען זאל צושטעלן א געוויסן פראצענט יוגענט אויף צוואנגס ארבעט קיין דייטשלאנד, דער ערשטער טראנספארט איז אוועקגעשיקט געווארן אין לאגער אייכענטאל אין נאוועמבער 1940, אבער דאס האט נישט געשטילט זייער אפעטיט. דער יודען-ראט אין טאטנאווצע איז געווען דער צענטראלער

יודען-ראט פון גאנץ שלעזיען,אונטערטעניק דער געסטאפא.די טאקטיק איז געווען,אז יידן זאלן זיך אליין אויסליפערן.מען כאפט יידן און מען שיקט זיי אין לאגערן.דער יודען-ראט דארף צו-שטעלן ארבעטס-קראפט,אפצורייניקן די באמבאר-דירטע הייזער.

דאס איז געשען פרייטיק פרי,דעם 21-טן מערץ 1941.אלע מענער זענען געווען צונויפגע-טריבן אין פאליציי-הויף.עס קומען אן לאסט-אויטאס,מיט באוואפנטע פאליציי.זיי רינגלען אונז ארום און פירן אונז איבערן שטעטל,צום טעאטער-זאל.דאס געוויין אויף די גאסן איז געווען אין לשער.די פאליציי שיסט אין דער לופטן,צוצעטרייבן די פרויען און קינדער.

איך בין געשיקט געווארן אין לאגער אננא-בערג.עס איז מיר געווען א גרויס וויייטיק איבערצולאזן מיין פרוי,נאכן קימפעט.זי האט מיר געבוירן א צווילינג,צוויי יינגעלעך,וואס זענען אלע נאכדעם אומגעקומען.פון דעמאלט אן האט זיך פאר מיר,ווי פאר טויזנטער יידן-קא-צעטניקעס,אנגעהויבן א לאנגער קאמף איבערצו-לעבן דעם נאצי-גיהנום.טויזנטער זענען אומגע-קומען,פארלוירן די האפענונג,שווער געארבעט,

געהונגערט.עס זענען געפאלן לעבן מיר די ערש-
טע קרבנות,וואס האבן נישט אויסגעהאלטן די אום-
מענטשלעכע באדינגונגען.

איינמאל אין צוויי וואכן האבן מיר נאך בא-
קומען א בריונל פון דער היים.מיר האבן שוין
דעמאלט געוווסט,אז די דייטשן האבן איינגע-
ארדנט גאז־קאמערן אין לאסט-אויטאס.דאס איז
געווען אין פויזנער געגנט,אין כעלמנא.אפילו
אין יאר 1943 האט מען נאך אלץ נישט געגלויבט
אין די קלאנגען וועגן אזעלכע גאז-קאמערן,אזוי
קאמופלירט איז עס געווען דורך די כיטרע נא-
ציס.ערשט שפעטער זענען געשאפן געווארן די
גרויסע גאז-קאמערן אין אוישוויץ און אין אנ-
דערע לאגערן,אויף א ברייטן מאסשטאב - טויט-
פאבריקן.היינט ווייסן מיר,אז די וועלט האט
דערפון געוווסט און - געשוויגן! מיין גאנצע
משפחה איז אזוי ארום אומגעקומען.די אלירטע
ארמייען האבן נישט געוואלט אפילו באמבארדירן
אוישוויץ,די באנען,וואס האבן געפירט יידישע
קרבנות צום אומקום.זיי זענען דעריבער די די-
רעקטע שותפים פון דער יידן-פארניכטונג!

די יידישע פארניכטונג-טראגעדיע מיילט זיך

איין אין דריי טיילן.ערשטנס - דאס געטא,ווו זיי האבן קאנצענטרירט מאסן יידן,אויסצוגיין פון הונגער.צווייטנס - די פארניכטונגס-לא-גערן,צו פארגאזן מענטשן,צו פארברענען זיי. דריטנס - די צוואנגס-ארבעטס-לאגערן,ווו זיי האבן אויסגענוצט די ארבעטס-קראפט פון מענטשן ביזן מאקסימום.מ'האט אויסגעהאלטן ווי לאנג די פיזישע כוחות האבן געדינט.די אוועקגעפאלע-נע זענען באלד פארטרעטן געווארן דורך אנדערע ארבעט-שקלאפן.

צו דעם האבן די דייטשן געהאט די הילף פון די יודען-ראטן אין די געטאס,פון די קאפאס אין די פארניכטונגס-לאגערן.אין די קאצעטן האבן זיי זיך ארויסגעהאלפן מיט אונטערוועלט-לייט, פארברעכער.צווישן זיי,ליידער,אויך יידן,אפילו אינטעליגענטע מענטשן,וואס זענען איפשטאנד געווען אפצוטאן די גרעסטע אכזריותן.

איך אליין האב דאס געטא-לעבן ווייניק מיטגעמאכט,ווייל איך בין זייער פרי פארשיקט געווארן אין קאצעט.אבער מיין פרוי האט דורכ-געמאכט די ליקווידאציע פון געטא,און זי פילט עס נאך ביזן היינטיקן טאג,30 יאר נאכדעם.

אין לאגער אננאבערג בין איך פארבליבן 5 חדשים,געארבעט ביי דער רייכס-אויטאבאן זייער שווער.מיר מוזן אויסרייניקן דעם וואלד,ווו עס דארף דורכגיין די באן;מיר שלעפן ארויס די ווארצלען פון אפגעהאקטע ביימער,מיר שפאנען זיך איין אין א קיראס,דאס איז א מאשין,וואס דרעשט קארן,אנשטאט פערד,צו 30 מאן.דער מייס-טער שובא האט אונז מיט א בייטש אונטערגעשמיסן, געשריגן:"שנעלער! שנעלער!".דאס גיהנום וועל איך קיינמאל נישט פארגעסן.

אין יוני 1941,ווען ס'איז אויסגעבראכן די דייטש-רוסישע מלחמה,זענען געבראכט געווארן רוסישע געפאנגענע אין אונזער לאגער.מיר זענען אוועקגעשיקט געווארן קיין ברין-היידע.אויך דארט האבן מיר געארבעט ביים בויען די רייכס-אויטא-באן.דארט בין איך פארבליבן 10 חדשים און איבערגעשיקט געווארן אין לאגער מארקשטאט, ביי ברעסלוי,אין "פענסיאנאט" פון יידן-לאגער-פירער ברוך מיינסטער מיט זיינע הענקער-ארויס-העלפער.דא האבן זיך געפונען ארום טויזנט יידן. דא האבן מיר געארבעט ביי דער געווער=אינדוס-טריי פון קרופ: בויען האלן פאר פאבריקן,אויס-

צוארבעטן געווער.יעדן טאג זענען געקומען נייע טראנספארטן קאצעטלער,און אינגיכן זענען מיר דארט געווען 3 טויזנט יידן.

דער לאגער מארקשטאט האט זייער א טרויעריקע פארגאנגענהייט,און שולדיק אין דעם איז דער הענקער ברוך מיינסטער מיט זיינע קאטאווני-קעס.זיינע געהילפן זענען געווען:הערשל מאך פון כזשאנאוו,משהל פאניא (משהל מעכטינגער) פון בענדין,ראמאן יאקובאוויטש,א דענטיסט,און איי-נער מיטן נאמען "באסאק",א געמיינער שלעגער. די אכזריותדיקייט פון די הענקער איז געווען אין לשער.דער דורכשנים,וואס איז געשטארבן יעדע וואך פון הונגער און קלעפ,האט דערגרייכט ביז 80 יידן.אין דער צייט ווען די מערדער האבן געפירט א לוקסוס-לעבן אין לאגער,געפרעסן שאקאלאד און קוכן.

ס'איז געווען אן עקסטרע באראק פאר פרויען, וואס האבן געארבעט אין דער קיך,ביים רוימען, אומגעפער 100 פרויען.זיי האט מען ספעציעל גע-פייניקט,געשלאגן אויפן בלויזן אונטערלייב, פאר א ליאדע נארישקייט.

שטוב-אינספעקציעס,אפעלן,שטיין שעהנווייז

אין דרויסן אין רעגן און שניי, מען וויקלט
ארוב מענטשן מיט שטריק צו א קאנאל-רער און
מען שלאגט אים ביז טויט, זיי שלאגן אין קאפ,
אין בויך, אין די אויגן, ווי דער קאבעל האט
אנגעטראפן. אזוי לאדן די רוצחים אויס זייער
סאדיזם, שפעטער. אין די קאצעטן, האבן מיר איבער
געלעבט נאך ערגערע אכזריותן פון די אפיציעלע
קרימינעלע פארברעכער,אונטער די אויפזיכט פון
ס.ס. פארדראסן האט אונז, וואס די יידן-
קאפאס זענען דאך נישט געקומען פון זיין תפיסות,
זענען פריער געווען רואיקע מענטשן, ארענטלעכע
בירגער. ראכעק יאקובאוויטש איז געווען דענטיסט.
משהל פאניא (מעכטינגער) איז געקומען פון בוסטער
בענקל. געווען צוויען זיי סוחרים, פאכלייט.
דער הויפט-מערדער, ברוך מיינסטער, האט זיך
געהאלטן פאר א אינטעליגענט, קלוג, מיט בילדונג.
פון וואנען האבן זיך גענומען צווישן יידן
גופא אזויפיל פינצטערע נשמות, אזא חיהשקייט?,
דאס איז מיר שווער צו פארשטיין ביזן היינטיקן
טאג...
ס'איז פיינלעך געווען צוצוזען, ווי די מענטשן,
פארורטיילט צום טויט, שטארבן פון הונגער,
מיט געשוואלענע פיס,
עס קריכן זיי ארויס

די אויגן פון די לעכער.זייער ווערן דאר,מא-
גער,טריקענעך איין לאנגזאם;א שווערע גסיסה,
וואס דויערט וואכן.דער מלאך המות איילט זיך
נישט,ביז ס'קומט דער אויסלייזער פון גיהנום.
דער טויט.

אויף וייערע טויטע גופים וואקסט דער לא-
גער,די בוי-שטעלן,די האלעס.אין לאגער זענען
פאראן ביז 70 פירמעס,קליינע און גרעסערע -
"גרין און בילפינגער","העסס".זיי רעכענען זיך
נישט מיט קיין מענטשלעך לעבן.מען פארבייט
זיי כסדר מיט פרישע מענטשן-קקאפן און מען
שיקט אוועק די אויסגענוצטע מענטשן מיטן טראנס-
פארטן צום טויט.ביי די קלענערע פירמעס איז
געווען א ביסל לייכטער.די מייסטערס זענען
געווען פאראינטערעסירט אז די ארבעט זאל שנעל
אויסגעפירט ווערן,האבן זיי נישט אזוי געפיי-
ניקט די מענטשן.מ'האט לייכטער געקענט "ארגא-
ניזירן",שאפן זיך א שטיקל ברויט.דער שווארצער
מארק האט געבליט,אבער ווער האט דען געקענט
געניסן דערפון?

יא,דעם לאגער איך מארקשטאט קען איך נישט
פארגעסן,כאטש ער איז געווען נישט פון די
שווערסטע און פארגלייך מיט די גיהנום-לאגערן

וואס מיר האבן דערנאך דורכגעמאכט.מיר אליין איז טיילמאל נישט אזוי שלעכט געווען,א דאנק מיין ארבעט אלס פריזירער נאך דער ארבעט,אדער אויף דער בוי-שטעלע.איך האב לייכטער געקענט "ארגאניזירן" א שטיקל ברויט,אויפצוהאלטן די נשמה.איך האב אויך ווייניקער געכאפט קלעפ, ווייל די,וואס זענען צעשלאגן געווארן,האבן זעלטן איבערגעלעבט.

עס קומען כסדר אן נייע טראנספארטן.מ'טוט זיי אויס נאקעט,מען גיט זיי אנדערע קליידער. זייער באגאזש ווערט גוט דורכגעזוכט.די פארא-זיטן, מיט ברוך מיינסטער בראש,האבן גוט גע-ווּסט ווּ יידן באהאלטן געלט און אנדערע ווערט-זאכן.זיי האבן געהאט גוטע פארבינדונגען, צו באקומען עסנווארג און זיי לעבן א לוקסוס-לעבן,די באנדע,וואס טרעטן אויף טויט און לע-בעדיק.

נאך צוויי יאר מארקשטאט,האט מען אנגעהויבן שמועסן,אז מען וועט אונז איבערפירן אין א לאגער,וואס מיר האבן אים אליין געבויט,נישט ווייט פון דאנען.עס רופט זיך "פינפטייכען"; א לאגער מיט עלעקטרישע דראטן,געהיט דורך די

ס.ס.דארט איז שוין פריער געבראכט געווארן א
טראנספארט פון אוישוויץ,פון אלע נאציאנאלי-
טעטן,אנגעטאן אין שטרייף-מונדירן.זיי האבן
אויך געארבעט אויף אונזער בוי-שטעלע,אבער
גאנץ שטרענג סעפארירט.זיי האבן מארשירט אין
האלץ-טרעפעס,שאטנס,נישט קיין מענטשן.מיר האבן
געוווסט אז זיי לעבן אין פיל שוין ערערע באדינ-
גונגען ווי מיר.ביי זיי זענען טאג-טעגלעך גע-
ווען מער טויטע,ווי ביי אונז.און אצינד שמועסט
מען מיר זאלן איבערגעפירט ווערן אין "פינפ-
טייכען",ס'איז אינגאנצן 4 קילאמעטער פון אונז.
אין איינעם א טאג איז פארשוואונדן פון אונ-
זער לאגער דער סאדיסט ברוך מיינסטער מיט נאך
50 פון זיינע אויסגעווילטע.ס'איז געווען אין
א קאלטן פעברואר-טאג.א טיפער שניי איז געלעגן.
זענען פלוצים געקומען די ס.ס.-באנדיטן,צוזא-
מענגעיאגט אלע דריי טויזנט פון אונזער לאגער.
אין איין באראק האבן מיר באקומען א באפעל זיך
אויסצוטאן נאקעט און אזוי,איבערן שניי,איבער-
לויפן אין א צווייטן באראק,וווּ די ס.ס. האט
אונז אונטערזוכט.די געזונטע זענען באשטימט
געווארן פארן לאגער אין פינפטייכען,די קראנקע

און שוואכע בלייבן איבער און קיינער ווייסט
נישט זייער גורל.בערך 2 טויזנט געזונטע זע-
נען אפגעקליבן געווארן.עס קומט א באפעל:

– אלעס איינטרעטן! און מארש אין קאצעט
אריין!

מיר טארן גארנישט מיטנעמען.מיר מארשירן
און דערזעען פון דער ווייטן די צוים עלעק-
טרישע דראטן און די טורעמס ארום.עס ווערט
שווער אויפן הארצן.מ'האט אונז פריער אנגע-
זאגט ווי אזוי מיר זאלן זיך האלטן ביים
אריינגאנג אין טויער.מיר מוזן גיין ווי מאר-
יאנעטן:לינקס אונד לינקס!

אינעווייניק אין לאגער גייען אלע אנגעטאן
אין שטרייף-קליידער.אלע לויפן.ס'זעט אויס
ווי אין א משוגעים-הויז.די בלאק-עלטסטע לאכן
פון אונז.מיין גרופע פון 170 מאן איז פון די
ערשטע אריינגעקומען.מיין פאמיליע-נאמען הייבט
זיך אן מיט א ב.אבער אינטערעסאנט,די אלע,
וואס מיר האבן תכילת אנגעטראפן,האבן גוט
אויסגעזען.קיין הונגער מערקט זיך עפעס נישט.
דאס זענען אבער געווען נאר די פריווילעגירטע.
זיי גייען בכלל נישט צו קיין ארבעט.דאס זע-

נען די בלאק-עלטסטע,קין-פערסאנאל און אנדערע מיטהעלפער,וואס האבן שטענדיק מער צו עסן,ווי די,וואס ארבעטן.

שפעטער האבן מיר ערשט דערזען ווי עס זעען אויס די העפטלינגען - אפגעשאגערט,קראנק,שוואך, אן לעבנס-לוסט.שלעפן זיך אויף די פיס קוים, אין די הילצערנע טרעפעס,אבער זיי מוזן גיין צום טאקט!

לויטן הייזעריקן שרייען און באפעל פון דעם בלאק-עלטסטן,האט מען אונז אויסראזירט אין מיטן קאפ א שרונד פון 3 צענטימעטער די ברייט.מיר האבן באקומען נומערן,פארלוירן אונזערע נעמען. איך האב באקומען דעם נומער: 24067.שטרייף-קליידער האבן מיר באקומען ערשט מיט א פאר טעג שפעטער,ווען ס'איז געקומען דער באפעל צום אפעל: אלעס ראוס! יעדער בלאק האט זיין פלאץ. מיר מארשירן צום טאקט.מען שלאגט אויף רעכטס, מען שלאגט אויף לינקס.מען מוז זיין אן אקראבאט,נישט צו באקומען קיין קלאפ.נאכדעם הייבט זיך ערשט אן דאס ציילן .די גאנצע צייט מוז מען שטיין אן באוועגונג.אויף דעם גיבן שוין אכטונג די בלאק-עלטסטע־באנדע.

אין לאגער געפינען זיך דייטשע פארברעכער,
וואס זענען שוין געזעסן פון 8 ביז 10 יאר,פוי-
לישע באנדיטן,סלאוואקישע מערדערס.זיי אלע בא-
קומען די בעסטע פאסטנס.זיי האבן דאס רעכט צו
טאן מיט די קאצעטניקעס,וואס זיי ווילן,און
אויסלאדן זייער גאנצן חיהשן סאדיזם.

אין בין צוגעטיילט צום בלאק נומער 9.דער
בלאק-עלטסטער רופט זיך קארל,א פאליאק.ער איז
דער צעטיילער פונם עסן.מען ציטערט פאר אים.
פאר א ליאדע גארנישט,דערלאנגט ער א האסטיקן
קלאפ מיט דער האכלע איבערן קאפ,צעבלוטיקט יע-
נעם,און - טיילט רואיק ווייטער דאס עסן.

יעדער בלאק איז א קעניגרייך פאר זיך.דער
בלאק-פירער איז דער קעניג.ער רינגלט זיך ארום
מיט זיינע געטרייע צוהעלפער.נאך א טאג הארע-
וואניע,אויסגערפרוירן,אויסגעמאטערט,מוז מען
10 אזייגער ביינאכט נעמען ארומקראצן מיט גלאז
די בעטן,בענקלעך,אז אלץ זאל גלאנצן.ער אליין,
דער בלאק-עלטסטער,שלאפט בייטאג,אזוי אז ער
איז שטענדיק אויסגערוט און קען אונז פייניקן
ביינאכט.אט באפעלט ער 1 אזייגער ביינאכט -
אלע זאלן ארויס פון די בעטן.קאראל האט געפו-

נען א שמוציק בענקל.אזוי קומט עס פאר כמעט יעדע נאכט.

דאס עסן באשטייט פון גרינעם שפינאק און 30 דעקא ברויט,באגלייט מיט קלעפ.יעדן מיטוואך און יעדן שבת קומט אן אויטא פון גרויס ראזען, און פירט אוועק די טויטע.יעדע וואך - ביז 80 געהרגעטע,אדער פארמוטשעטע.דער לאגער איז נאך נישט "מאדערניזירט",ער האט נאך נישט געהאט קיין אייגענע קרעמאטאריע.און גרויס ראזען איז אונזער צענטהאלע.אויב גייט עמיצער אויפן רע-וויר (קראנקענשטובע),זיצט דארט אן אלטער דאק-טער,א דייטש,א געוועזענער קרימינעלער,און ער פרעגט: אויף וואס ביסטו קראנק?".א קלאפ אין קאפ,א קאפע אין בויך,און ער לאכט:"ווען דו קענסט דאס פארנעמען,דאן ביסטו געזונט,און מארש צום בלאק,צו קראצן די טישן און בענק-לעך".מיר ווערן יעדע נאכט סיסטעמאטיש געמא-טערט - מארש אויף די בעטן ארויף,מארש פון די בעטן אראפ.זיי פארקירצן די יארן.נאכדעם - די אפעלן,שטיין אין דרויסן שעהן-לאנג,נישט בא-וועגן זיך,נישט רירן זיך פון ארט,ווי א מאר-יאנעט,אז נישט באקומט מען א קניפל איבערן

קאפ.זייער פיל פון אונז האבן ביי די אפעלן פארלוירן זייער לעבן.

מיט דער צייט האט זיך די לאגע אביסל פאר-בעסערט.מ'האט באקומען אביסל מער עסן,ווייל מיר זענען באשעפטיקט געווען ביי דער "קרופ"-געווער-אינדוסטריע.דער קריגס-אפאראט האט גע-מאכט גאויסע באשטעלונגען.ס'איז געקומען א נייע בוי-לייטונג און זייער באציאונג צו אונז האט זיך פארבעסערט,ווייל זיי האבן אונז באדארפט האבן,אויסצונוצן אלע אונזערע כוחות.מען האט זיך אויך צוגעוווינט צום שלעכטן;ווייל אין אנדערע לאגערן איז געווען נאך פיל ערגער.

אבער דער מלאך המות האט ווייטער געשניטן.די צאל טויטע איז געוואקסן יעדע וואך אלץ מער.די פירמעס "גרין און בילפינגער","ב עטאך און מעניער",ווי אויך אנדערע פירמעס,האבן זיך קנאפ וואס גערעכנט מיטן לעבן פון א מענטש. פונדעסטוועגן האבן מיר געוואלט בלייבן אויפן פלאץ,ווייל קומען אין א צווייטן לאגער איז שטענדיק ערגער,קיינמאל נישט בעסער.אזוי האט מען זיך געראנגלט מיטן טויט וואכן,חדשים,יארן. מיר האבן אפט אפילו נישט געוווסט קיין דאטע,

קיין צייט.ט'האט נאר געוווסט,אז ווען עס פאלט
א שניי,איז ווינטער,ווען עס רעגנט,איז זומער.
מ'האט זיך אפטמאל געוווּנטשן,ווי גוט ס'וואלט
געווען,ווען מען לייגט זיך שלאפן און מער
שטייט מען נישט אויף.דער דראנג איבערצולעבן
איז נאר געווען - בכדי צו דערלעבן די מפלה
פון נאצי-דייטשלאנד,און אויך דער געדאנק פון
ביטערער נקמה,האט א סך פון אונז געהאלפן אי-
בערלעבן דעם גיהנום.

מ'זאגט אויף יידיש:"אז מען לעבט,דערלעבט
מען";און אזוי האבן מיר,די רעשטלעך יידן,דער-
לעבט די גרויסע רוסישע אפענסיווע פון ענדע
1944,אנהייב 1945.מען הערט שוין בייטאכט די
רוסישע אעראפלאנען,ווי זיי באמבארדירן אונזער
געגנט.די שטימונג הייבט זיך ביי אונז.זאלן
זיי באמבארדירן.אונזער לעבן איז סיי ווי נישט
אזוי טייער,ווי די האפענונג,אז מען וועט זאך
איבערלעבן,איז נישט געווען קיין גרויסע.

אבער די לאגע האט זיך יעדן טאג געענדערט.
אין יאנואר 1945 הערט מען שוין,אז די רוסן
זענען אין טשענסטאכאוו,דערנאך - אז זיי זענען
שוין אריבער די אלטע פויליש-דייטשע גרענעץ.

זיי זענען שוין אפילו אין נידערשלעזיע,וווּ די רוסן האבן געווארפן אן אפענסיווע.אונזערע הערצער פרייען זיך,כאטש מיר ווייסן,אז קיין גוטס דערווארט אונז נישט.א סוף צום הונגער, צום לעבן פון א געיאגטע חיה,וואס איז ערגער ווי דער טויט.אבער דער מענטש איז א סך מאל שטארקער ווי אייזן.מען לעבט נאך אלץ! אט הערט מען שוין די שיסעריי פון די רוסישע הארמאטן.אין די נעכט איז דער הימל רויט פון די גרויסע פייערן.

שבת באגינען,דעם 20-טן יאנואר 1945 גייען מיר מער נישט ארויס צו דער ארבעט.מען רעדט וועגן עוואקואציע.נאטירלעך,נישט מיר באשטימען. אבער מען זעט שוין דעם פחד אין די אויגן פון די רוצחים און זייערע מיטהעלפער.10 זייגער פרי שרייען זיי:

– אלעס איינטרעטן!

מען פירט אונז צו דער בוי-שטעלע,אבער דארט געפינט זיך נישט מער קיין איין דייטש. די דערפער ארום זענען שוין עוואקואירט.דער באפעל איז געווען: וועלכער דייטש עס וועט זיך נישט עוואקואירן,איז א שונא פון פאטער-

לאנד.ארומגעדרייט זיך און נאכמיטאג צוריק-
געקערט זיך אין לאגער.

זונטיק,דעם 21-טן יאנואר איז שוין די צע-
מישעניש זייער גרויס.אט גייען מיר און אט
גייען מיר נישט.ערשט 4 נאכמיטאאג קומט דער
באפעל:"אלעס איינטרעטן!".דאס הייסט,מיר גיי-
ען.עס בלייבן אין לאגער נאר די קראנקע,וואס
קענען נישט גיין.עס מארשירן ארויס הערך 5
און א האלב טויזנט קאצעטלער.א טייל בלאקן
האבן באקומען ברויט און א טייל - נישט.מיר
גייען,הייסט עס,קיין גרויס ראזען,אין אונזער
צענטראלע.דאס איז געווען א נייער טרויעריקער
עטאפ.דא,אויפן ארט,איז מען שוין געוווינט גע-
ווען צו די צרות.אצינד וואנדערן מיר פון איין
גיהנום אין אנדערן.אן א פלאן,אן א ציל.זיי
האבן שוין אבער געפילט די שטריק אויפן האלדז,
אונזערע רוצחים,אבער זיי האבן בשום אופן נישט
געוואלט אפלאזן זייערע קרבנות.ס'האט זיך אנ-
געהויבן דער טויטן-מארש.אויף די וועגן ווערן
געיאגט צענדליקער טויזנטער קאצעטניקעס - פון
עסטרייך,פון טשעכן,פון דייטשלאנד.טויטע,אין
די טויזנטער אויף אלע וועגן.

דער טויטן-מארש פון פינפטייכען איז דער-
גאנגען ביזן טייך אדרא.דאס וואסער איז נאך
געווען פארפרוירן,און מיר זענען אריבער ביז
צום נאנטסטן דארף און דארט איבערגענעכטיקט.
איך בין געשלאפן אויפן שניי אויפן הויף,ווייל
אין שייער האבן נישט אלע געקענט אריין. די
ס.ס.האבן אונז געהיט.צומארגנס זענען מיר אוועק
ווייטער.די שוואכע האבן אנגעהויבן אפצושטיין.
אויך די שטארקערע,וואס האבן געהאט מער צו עסן,
זענען געווען אויסגעשעפט.און ווער עס קען נישט
גיין ווייטער,באקומט א קויל אין קאפ און ער
בלייבט אויפן זייט וועג.א סוף צו דער לאנגער
מאטערניש,א סוף צו דער האפענונג איבערצולעבן
און דערלעבן די נקמה.די גאנץ שוואכע זענען
אוועקגעפאלן באלד דעם ערשטן טאג.

אזוי האבן מיר זיך געשלעפט 4 טעג און גע-
לאזן הינטער זיך טויטע אויףביידע זייטן פון
וועג,אין די הונדערטער.די רוסן האבן אונז
נישט אנגעיאגט.זיי האבן זיך פארהאלטן ביי דער
אדרא.ערשט דעם פינפטן טאג,פארנאכט,זענען מיר
אריינגעקומען אין אונזער צענטראל-לאגער גרויס
ראזען..מען האט אונז געפירט ביזן אנדערן עק,

וו מען האט געהאלטן אין בויען נאך א לאגער. די באראקן זענען נאך נישט געווען פארענדיקט, אבער אלץ באזעצט מיט די אסירים. ס'איז שוין מער נישט געווען קיין פלאץ פאר די 32 000 מענטשן דא קאנצענטרירט. מ'האט אונז ארייננגע-פאקט אין קעלער פון בלאק נומער 32. מיר זענען געווען ביז 800. מען האט זיך געטרעטן אויף די פיס. ווער האט דען געקענט שלאפן, אז אפילו קיין לופט צום אטעמען איז נישט געווען. ארום און ארום - א קרעכצן און יאמערן. נישטא צו וועמען זיך צו ווענדן - קאצעטניקעס מיט אויסטאטואירטע נומערן, נע ונד, אן א נאמען, אן א היים, אין דעם גרויסן תוהו ובוהו פון דער וועלט. דאכט זיך, אז אפילו גאט האט אין אונז פארגעסן.

2 אזייגער ביינאכט האט מען אונז געוועקט: "אלעס אויפשטיין! מיטאג-עסן!". דאס עסן איז בא-שטאנען פון וואסער מיט שטיקלעך קאלריבן, האלב-דערקאכט. פארנאכט - א כזית ברויט, אפשר 10 דעקא. צום לעבן - ווייניק, צום שטארבן - צופיל.

יעדן טאג קומען אן אלץ פרישע טראנספארטן. עס זענען געקומען די מענטשן פון בלעכהאמער. זיי זענען געבליבן אין דרויסן, אויפן ליימיקן

באדן.אזוי זענען פיל געשטארבן שטייענדיק (צווישן זיי,בערל שמולעוויטץ).די טויטע האט מען יעדן פרימארגן אוועקגענומען.מען האט זיי געשטאפלט,געלייגט איינעם אויפן אנדערן,ווי שטיקער האלץ.ארדענונג מוז זיין! זיי זענען פארשנייט און פארפרוירן געווארן.די קרעמאטאריע האט נישט געקענט נאכקומען צו פארברענען אלע טויטע,כאטש זיי האבן געארבעט 24 שעה אין מעת-לעת.דער מלאך המות איז געווען שנעלער פון דער שוידערלעכסטער דייטשער טעכניק.

יעדן פרימארגן,4 אז יגער - אפעל.מיר שטייען אזוי פון 3 ביז 4 שעה.מען היט אונז מיט שטעקנס אין האנט,מיר זאלן זיך נישט רירן פון פלאץ.מ'שלאגט.מען הייבט אן ציילן - ס'שטימט נישט.ציילט מען נאך אמאל.מען רעכנט צו די טויטע פון איבער נאכט.די צאל מוז שטימען. און דאס דויערט שעהן,אין שניי און אין פראסט.

אין קעלער איז געווארן אביסל מער פלאץ, אבער דער געשטאנק איז שרעקלעך,דער הונגער - נאך שרעקלעכער.די קעלט איז גרויס.איינער האט דעם אנדערן מער נישט דערקענט.

גרויס ראזען ליגט זייער הויך אין די בערג.

די קעלט איז זייער גרויס.אפילו קיין טרונק וואסער קען מען נישט באקומען.דערווייל קומען אן נייע טראנספארטן פון די ארומיקע קאצעטן.מען יאגט זיי ווי חיות פון איין קאצעט אין אנדערן. אזוי האט דאס גיהנום געדויערט 3 וואכן.

דערווייל הערט מען,אז די רוסן דערנענטערן זיך.ווידער עוואקואירן.אין א פרייטיק,צום מארגן-אפעל,באקומט יעדער א קליין ברויטל און א שאכטל קאנסערוון-פלייש.כמעט אלע האבן עס איינגעשלונגען אויפן ארט.איך האב עפעס אפגע-שפארט אויפן אנדערן טאג.אזוי האבן מיר געוואנ-דערט א גאנצע וואך,פון פרייטיק ביז דאנערשטיק פארנאכט,ווען מיר האבן דערגרייכט דעם לאגער פלאסענבורג.

ביז איצט האב איך די לאגערן אנגערופן: גי-הנום,אבער פלאסענבורג איז נאכמער - א שאול תחתיה.אן אפגרונט.דארט האבן מיר פארלוירן יע-דע האפענונג איבערצולעבן,נקמה צו נעמען.מיר האבן פארלוירן דעם צלם אלוקים.א לעבעדיקער ראבאט,מיטן אינסטינקט פון א געיאגטער חיה.צו באשרייבן עס בין איך מאכטלאז.וויפל מען זאל נישט שרייבן,קען מען נישט באשרייבן דעם פינצ-

טעון תהום.אזא אינסטינקט פון א געיאגטער חיה האבן אפשר געפילט די אמאליקע גלאדיאטארן אין רוים,אין די צייטן פון ספארטאקוס.

בעתן גרויסן טויטן-מארש פון גרויס-ראזען האבן די ס.ס.-באגלייטער געשאסן צו יעדן איי-נעם,וואס האט נאר געשטעלט א נישט זיכערן טראט. דער גאנצער וועג איז געווען פארזייט מיט טוי-טע.טיילמאל האבן מיר אויף ביינאכט אפגעשטעלט זיך איבערנעכטיקן אין א סטאדאלע.די שטארקערע צווישן אונז זענען באפאלן די שוואכערע און ביי זיי צוגענומען דאס שטיקל ברויט,וואס זיי האבן באהאלטן אויף שפעטער.צו אזא חיהשקייט איז דער-פירט געווארן.איבערהויפט זענען די אנפאלער געווען אוקראינער און פאליאקן.די וואכלייט האבן זיך געוויילט פון דעם "ספעקטאקל",געמונ-טערט די באפאלער.דערנאך האבן די וואכלייט סתם געשאסן אין דער מאסע אריין.עס זענען געווען א סך טויטע פון זייערע קוילן.

איך בין געזעסן און געשלאפן,ווייל קיין פלאץ צו ליגן איז נישט געווען.איך בין געזעסן ביים טויער-אריינגאנג און די קוילן האבן גע-פייפט פארביי מיינע אויערן.איך בין געווען

אזוי פארשטארצט,אז איך האב שוין אויף גארנישט רעאגירט.

אין דער פרי האט מען ווייטער ארויסמארשירט. שבת נאכמיטאג זענען מיר אנגעקומען אין אן ארט, וואס רופט זיך יאנאוויטץ.דארט האט מען אונז אויפגעלאדן אין אפענע וואגאנען,צו 80 מאן.דער צוג איז געפארן אן א פלאן און אן א ציל.ווייל אומעטום זענען שוין געווען רוסיש און אמערי- קאנער מיליטער.עס האט אונז געפלאגט דער הונ- גער און דער דורשט.די טויטע זענען געפאלן אויף די לעבעדיקע.אין יעדן וואגן פארן מיט אונז מיט די ס.ס.-וואך .זייער ווינקל איז איבערגעצויגן מיט א גומי - פלאנדעק.פון דעם פלאנדעק האב איך ביינאכט בגנבה אראפגעשארט א ביסל שניי,אויצופרישן מיינע פארטריקנטע ליפן. קיינער קען נישט פארשטיין ווי זיס ס'איז דע- מאלט געווען דאס ביסל שניי.

און דער צוג מיט די צוויי לאקאמאטיוון האט אונז געשלעפט אלץ ווייטער.ערשט מיטוואך אין אוונט זענען מיר אנגעקומען צו דער באן-סטאציע פלאסענבורג.מיר האבן מער נישט קיין כוח געהאט אראפצוגיין פון די וואגאנען.אבער די רוצחים

האבן געשלאגן אויף רעכטס און אויף לינקס.מיר האבן מארשירט בארג-ארויף,צום קאנצענטראציע-לאגער פלאסענבורג.מיר האבן באקומען יעדער א קאלדרע,אבער א סך האבן זי אוועקגעווארפן אויפן וועג,נישט געהאט מער קיין כוח זי צו טראגן.

פאראן מדרגות,שטאפלען,אויפן וועג צום גי-הנום;אבער אין דעם גיהנום איז געווען אזוי, אז נאר דער אשמדאי אליין האט געקענט אויס-קערן אזעלכע מאטערנישן.מיר זענען געווען אפ-געשאטן פון לייז.האט מען אונז צוערשט איינ-גענומען אין א קאראנטען,עקסטרע ארומגעצוימטע 4 באראקן,די בלאקן: 22,21,20 און 23.איך בין צוגעטיילט געווארן צום בלאק 23.ביי 800 מאן אין איין בלאק,4 מענטשן אין איין בעט.אויס-ציען זיך קען מען נישט.מיר ליגן מיט צוזא-מענגעצויגענע קני אין דער הויך.דער בלאק-עלטעסטער,אן אלטער דייטשער פארברעכער,זאגט צו אונז:

– אויף מיין בלאק בין איך קעניג! די לא-גער-מאכט גייט מיך נישט אן.כ'קען הרגענען וועמען איך וויל און וויפל איך וויל...

אזא דרשה האלט ער פאר אונז.מיר,די שוואכע

זענען שטענדיק די שולדיקע,לומפן...מיר האבן
דעם קריג געמאכט..."מארגן גיבט עס אנטלויזונג'
ס'הייסט,מען וועט אונז באפרייען פון די לייז.
מ'האט צוזאמענגענומען אלע פריזיערן און אלע-
מען אפגעשוירן.קיין ברויט גיבן זיי נאך אלץ
נישט,נאר א וואסערדיקע זופ,א קארטאפל-זופ,
וואס האט אויף א ווײַלע אנגעפילט דעם מאגן,
אבער מיר זענען געבליבן הונגעריק ווי פריער.
דער בלאק-עלטעסטער און זײַנע שטובאוועס מאכן
אונז אן א שרעק:"ווער עס האט עפעס באהאלטן,
איז בעסער ער זאל עס לאזן אויפן בלאק.טאבאק,
אדער אנדערע זאכן,ווייל אין באד,ביים אנטלויזן
וועט מען אלץ אוועקנעמען און נאך שלאגן אויך".
צומארגנס,אין אוונט,זענען מיר אלע,נאקעטע,
ארויסגעטריבן געווארן אויפן שניי,אין דער בלא-
טע,און מארש אין באד אריין.אזוי זענען מיר,
צוזאמענגעפרעסט,אויפן שטיינערנעם באדן,אפגע-
לעגן ביז כ' פארטאג.דאס איז שוין געווען אזא
מנהג אין פלאסענבורג,אז צוליב די לופט-אלאר-
מען קען מען נישט צוריקקומען אין בלאק,ווען
ס'איז אין דרויסן נאך פינצטער.
ערשט אין דער פרי האט מען אונז מלבוש

ערומים געווען,איינער באקומט א העמד,וואס איז
צו קורץ,איינער-גארניטט.איינ(יקע באקומען שקאר-
פעטן,די אנדערע-גארניטט.היטלער האט קיינער ניטש
באקומען,און-מארש צוריק אין בלאק נומער 23.
אצינד,ווען מיר זענען שוין אנטלויזט,אנגעטאן,
זענען מיר שוין פארעכנט ווי תושבים פון לאגער.
הייבן זיך אן די אפעלן,4 אזייגער פארטאג-"אלעס
ראוס".אין דרויסן איז א פראסט,עס יאגט א ווינט
פון די בערג,אזוי שטייט מען ביז 11 אזייגער.
מיטאג-צייט-א קארטאפל-זופ,נאכדעם ווידער-ארויס
ביז 6 אזייגער אוונט.ווידער אן אפעל,דערנאך אין
בלאק,באקומט יעדער א כזית ברויט מיט קאפע,
טיילמאל א שטיקל בלוט-ווורשט. עסן דאס שטיקל
ברויט מוז מען זייער פארזיכטיק, מיט ביידע
הענט דערויף, ווייל ס'קען ווער אונטערקומען,
געבן א קלאפ אין קאפ, ארויסרייסן דאס שטיקל
אפגעציטערטע ברויט.
דאס איז דער אינסטינקט פון א געיאגטער חיה,
אין קאמף פארן לעבן.
און ווער ס'איז שטארקער, פארלענגערט דאס
גיהנום - לעבן מיט נאך איין טאג.
יעדן פרימארגן רוימט מען ארויס די טויטע,

וואס זענען איבער נאכט אויסגעגאנגען. דער קרעמאטאריום איז געווען גאנץ נאענט פון אונזער בלאק.אזוי ווי דער קרעמאטאריום קען נישט אויפנעמען אזויפיל,און ביי די רוצחים מוז זיין ארדענונג,ווערן די מתים נומערירט,און קומען לויט דער ריי.מען מאכט אויך שייטערהויפנס,צווישן האלץ-שטיקער.אבער זיי קענען אלץ נישט נאכקומען.קיין קרעמאטאריומס האבן זיי שוין נישט קיין צייט צו בויען.זיי ווייסן שוין,אז די מלחמה איז פארלוירן,אבער דער מערדערישער אפאראט ארבעט נאך לאנג לויטן זייער פלאנירטן פראגראם.

אין לאגער פלאסענבורג זענען מיר צווישן צוויי וועלטן,יעדן טאג א שפאן נענטער צום טויט.און יעדן טאג קומען אן אלץ מער קאצעטניקעס,שאטנס,געבראכט פון פארשיידענע לאגערן, אויסגעמאטערטע פון הונגער,פון שווערער ארבעט.דא שטייען זיי א גאנצן טאג אויפן אפעל, מיט א ביסל וואסערדיקע זופ,א כזית ברויט.עס איז געווען לויטן פארשריפט,אז מיר דארפן באקומען א גאנצן ליטער זופ,אבער מיר באקומען נישט מער ווי א האלבן ליטער,אבער דירעשט

פרעסן אויף די בלאק-עלטסטע,די ארויסהעלפערס.
ווען מיר באקומען דעם כזית ברויט,פארלאנגען
זיי דערפאר א טעלער זופ,וואס זיי האבן אראפ-
געגנבעט פון אונזער פארציע.אבער דער טעלער זופ
זעטיקט נישט.פארן ברויט האבן די בלאק-עלטסטע
באקומען גאלד,דאלארן,פלייש.אזוי איז דער גנבה-
שער אפאראט אפילו אין ערגסטן פון אונזערע גי-
הנומס געווען גוט ארגאניזירט.די אלע,וואס האבן
נאר געהאט אביסל מאכט,זענען געטרעטן אויף די
האלב-טויטע מענטשן,כדי אליין איבערצולעבן.
איך האב זיך נאך נישט געפילט פארלוירן.איך
האב געוווסט,אז דא וועט זיין מיין לעצטע סטא-
ציע,אויב איך וועל נישט אוועק פון דאנען.איך
האב געזוכט וועגן ווי זיך צו ראטעווען. פון
צייט צו צייט האט מען ארויסגעשיקט געזונטערע
מענטשן אויף ארבעט.איך האב געווארט אויף אזא
געלעגנהייט.מען האט געזוכט 700 מענטשן אויף
ארבעט.דא שטייט א גאנצן טאג אויפן אפעל,איז א
זיכערער טויט.האב איך זיך געשטעלט צו דער קא-
מיסיע,וואס האט אפגעקליבן מענטשן צו דער ארבעט.
מ'האט זיך אויסגעטאן נאקעט און א דאקטער האט
אונז באטראכט.איך בין געווען צווישן די גליק-

לעכע.מ׳האט אונז באצייכנט אויפן שטערן מיט טוש - נומער 2;דאס הייסט,א פעאיק ארבעטס-פערד. איך האב באקומען דעם נומער 48942,און מען האט אונז איבערגעשיקט אין לאגער אנסבאך,ביי נירענ-בערג.די ארבעט איז באשטאנען אין פאריכטן די צעשעדיקטע באן-ליניעס,וואס די ענגלענדער האבן באמבארדירט.

אבי מען האט נאר פארלאזן דעם גיהנום-לאגער פלאסענבורג.אריינגעפאקט אין וואגאנען צו 70 מענטשן,אן עסן,אן וואסער,זענען מיר געפארן קיין אנסבאך,44 קילאמעטער פון נירנבערג.אנגע-קומען,האבן מיר צו דריי אין א רייע,מארשירט איבער די הויפט-גאסן פון שטאט.די הילצענע שיך האבן געקלאפט אויפן ברוק,ביז צום שעכטהויז. דארט האט מען אונז איינקווארטירט אין א מין טעאטער-זאל,אין גריכישן סטיל,מיט ארענעס ארום און ארום.דער באדן איז געווען פון צעמענט.מיר זאלן שלאפן אויף די שטיגן.אזוי ווי עס זענען נישט געווען קיין 700 שטיגן,זענען מיר געווען אנגעפאקט ווי די הערינג.

גאנץ פרי זענען מיר ארויס צו דער ארבעט. קיין עסן האט מען נישט געגעבן,אבער דעם גאנצן

טאג האט מען ביי דער ארבעט ארויסגעיאגט די נשמה. דעם צווייטן טאג-א שיטערע זופ, און צו דער ארבעט, נאך 10 שעה ארבעט , באקומען מיר 10 דעקא ברויט, דאס האט אזוי געדויערט דריי וואכן, דורך די דריי וואכן זענען מער ווי א העלפט פון אונז אויסגעשטארבן.

צוריק זענען מיר געפארן נאר 350 מאן, פון הונגער האבן מיר געגעסן דאס גראז,וואס איז געוואקסן אויפן הויף פון שעכטהויז.

ווען די רייען פאן די ארבעטער זענען שיטערער געווארן, האבן זיי אונז געגעבן נאך א כזית ברויט, א זעלנעריש ברויט פאר 10 מענטשן.

אבער די גרעסערע פארציעס האבן באקומען די קעסל-מישערס, אין דער זופ האבן זיי טיילמאל ארייגעווארפן פארדארבן קאנסערוון-פלייש.

דאס איז געווען פון די באנען, וואס די ענגלענדער האבן באמבארדירט און געטראפן די וואגאנען פון לעבנסמיטל, די פושקעס זענען געווארן דורכגעלעכערט,און דאס פלייש-פארשימלט. דאס האט נאכמער צוגעאיילט דעם טויט פון א סאך מענטשן.

איינמאל-דאס וועל איך קיינמאל נישט פארגעסן!. איז מיר געלונגען זיך זאט אנצועסן מיטן פארדארבענעם פלייש, א דאנק מיין בעסטן

ליידנס-חבר אברהם בעסער,מיין לאנדסמאן.(ער
וווינט היינט אין אמעריקע).איך האב אליין
אויפגעגעסן צוויי קילא פלייש.מיר האבן דאס
"ארגאניזירט" אויף אזא אופן: פון לאגער האט
מען ארויסגעפירט מיסט.און דארט,וווּ מען האט
געזאמלט דאס מיסט,איז אויך געווען ארויסגע-
ווארפן מאסן שאכטלעך פארדארבן פלייש.מיין חבר
איז געווען זייער פלינק און א גוטער "ארגאני-
זאטאר".איך ווייס נישט ביז היינט ווי אזוי
עס איז אים געלונגען אריינצוברענגען אין לא-
גער 5 שאכטלעך קאנסערוון אין אויבער-ראק און
אין די הויזן.ס'איז דאן געווען א שטרענגע קאנ-
טראל ביים טויער.מיר האבן עס אויפגעגעסן אין
איין שעה.מיר האבן געוווסט,אז מארגן וועלן מיר
לויפן אין טואלעט מיט מאגן-קראמפן,אבער ווער
האט דען געטראכט דערפון? זיך איין מאל אנעסן
און שטארבן מיט א פולן מאגן.

דעם זעלבן טאג האט אויך פאסירט,אז א פראנ-
צויז האט אונז אריבערגעווארפן פון דערנעבנדיקן
שעכטהויז א גרויס שטיק רוי פלייש.אויך דאס
האבן מיר איינגעשלונגען.אין דעם טאג זענען
מיר געווען זאט!

די דריי וואכן אין אנסבאך זענען געווען

זייער שווערע.הונגער,שווערע ארבעט,א לויזער

מאגן,און דאס האט געבראכט זייער פיל טויטע

צווישן אונז.דאס שווערסטע איז געווען דאס בא-

גראבן די מתים;כאטש זיי האבן שוין כמעט גאר-

נישט געווויגן.איינמאל,ביינאכט,פלוצים אן

אלארם.אלעס אויפשטיין! ווידער אין וועג אריין

צו מארשירן.די אמעריקאנער ארמיי איז שוין זיי-

ער נאענט.האט מען אונז ווידער אויפגעלאדן אויף

אפענע וואגאנען,צוריק קיין פלאסענבורג.עס איז

נישט אזוי ווייט געווען,אבער די אמעריקאנער

אוויאציע באשיסט די באנען.זיי ווילן צעשטע-

רן אלע טראנספארטן.אבער דערווייל שטיקן מיר

זיך,אן לופט,אן עסן,אן וואסער;ביז מיר קומען

אן אין א לאגער,וואס רופט זיך הערצסבורג.דא

זענען מיר פארבליבן אייניקע טעג,ביז די אמע-

ריקנער האבן ווידער אטאקירט די געגנט,צוריק

קיין פלאסענבורג.די פראנטן דערנענטערן זיך פון

אלע זייטן.מען שיסט פון די בערג ארום אונז.

מיר האבן שוין געאטעמט די לופט פון באפריי-

אונג,אבער מיר האבן שוין נישט געהאט קיין כוח

זיך צו דערווארטן.4 מאן אין א בעטל,מען קען די

פיס נישט אויסשטרעקן.דער געדאנק איז פארטושט.
מען ווייסט אפילו נישט וואס פארא דאטע עס
איז.מען באוועגט זיך ווי א ראבאט,אזוי לאנג,
ווי די פיס טראגן.מען פאלט אויפן וועג,א פאר-
שטארטער,אן א קרעכץ.געשטארבן א נןמער ,נישט
קיין מענטש.עס איז מער נישט געוועזן ווער עס
זאל גראבן קברים.

די לעצטע דאטע,וואס איך געדענק איז דער
21-טער יאנואר 1945.פון דעמאלט ביז דער בא-
פרייאונג געדענק איך מער גארנישט.איך א זונ-
טיק,מיר דוכט זיך דעם 15-טן אפריל,האבן מיר
באקומען א זופ,מער נישט קיין ברויט.עס קומען
אן מענטשן פון באוווסט טויטן-לאגער בוכענ-
וואלד.שאטנס פון מענטשן,האלב-טויטע.זיי מוזן
אבער מיטשלעפן מיט זיך זייערע מתים,די צאל זאל
שטימען.

גאנץ דייטשלאנד האט שוין דעמאלט אויסגעזען
ווי אין פוילן,אין 1939,ווען מענטשן האבן גע-
וואנדערט אויף די וועגן פון לאדזש קיין ווער-
שע, - אזוי זענען די דייטשן געלאפן פון איין
שטאט אין דער צווייטער.דער תוהו ובוהו איז
געווען זייער גרויס.אבער די ס.ס.,וואס האט

געווילדעוועט אין די קאצעט-לאגערן,האט בשום אופן נישט געוואלט אפלאזן זייערע קרבנות.

מאנטיק פרי קומט א באפעל:"זעמטלעכע יודן, איינטרעטן!".פאר דעם האבן מיר זייער מורא גע-האט.ביז איצט זענען מיר אלע געווען "העפטלינ-גער",מיט נומערן,אויסגעמישט פון אלע נאציאנא-ליטעטן,און איצט,הייסט עס,זאלן ארויסמארשירן נאר יידן.די לאגע ווערט געפערלעך.די כוחות פארלאזן אונז.אבער - מיר האבן נישט וואס צו פארלירן.די איינציקע האפענונג איז - נאר אוועק פון פלאסענבורג,ווייל דא איז נישט פאראן קיין שום האפענונג איבערצולעבן.

גרופירט בלויז פון יידן,מארשירן מיר צו דער באן-סטאציע.מען פארלאדנט אונז צו 70 מאן אין איין פארמאכטן וואגאן,באגלייט פון 8 ס.ס. באנדיטן ווייל אויך די ס.ס.האט זיך עוואקו-אירט.די באן-סטאציע רופט זיך פלאס.אויפגע-לאדן אין די וואגאנען,זענען אויסגעוואקסן איבערן קאפ אמעריקאנער עראפלאנען מיט רויטע שפיצן און באשיסן אונז מיט מאשין-געווער.די ס.ס.זענען שנעל אנטלאפן פון די אפענע וואגא-נען.אבער מיר האבן אין ערגעץ נישט געקענט

לויפן פון די פארמאַכטע וואגאנען.מיר זענען
באשאסן געווארן און געהאט פיל טויטע.מיר האבן
שוין נישט קיין מורא געהאט פארן טויט - מען
שטארבט פון אמעריקאנער קוילן און נישט פון
דייטשע...אבער ווען די ס.ס.זענען אנטלאפן,זע-
נען מיר באפאלן זייערע רוקזעק און אלץ ארויס-
גענומען - ברויט,מארגארין,קעז,ציגארעטן.אונ-
טער דער שיסעריי,האבן מיר דערוויל געגעסן,
געשלונגען ממש.פיל פון אונז זענען געטראפן
געווארן פון די קוילן מיטן ביסן אין מויל.
מיך האט די קויל צופעליק נישט געטראפן,איך
לעב נאך אלץ,אבער איך ווייס נישט ביז ווען.
ווען די ס.ס.זענען דערנאך צוריקגעקומען,האבן
זיי אנגעהויבן זוכן און ביי וועמען זיי האבן
געפונען א שטיקל ברויט - א קויל אין קאפ.
אזוי האבן מיר איבערגעלאזן עטלעכע צענדליק
טויטע אין פלאס.קוילן פאר יידן האט די רוצחים
קיינמאל נישט געפעלט.

מען ווארט עס זאל קומען א נייע לאקאמא-
טיוו,ווייל דער פריערדיקער איז צעשטעטערט.
מיר פארן ווייטער.ביינאכט ציט א שטארקע קעלט.
ס'איז ערשט מיטן אפריל.די אמעריקאנער קומען

ווידער און טרעפן איך לאקאמאטיוו.זיי ווילן

שטערן יעדן טראנספארט.20 קילאמעטער ווייטער

זענען מיר געקומען צו דער סטאציע שווארצען-

פעלד.דארט זענען מיר פארבליבן עטלעכע טעג.

טאקע אויף אן אמת א ווייסס פעלד...פארן ווײ-

טער קען מען נישט.די ס.ס.האט געגוג צו פרעסן,

אבער מיר וגערן געשוואלן פון הונגער.דער הויפן

טויטע וואקסט.איינער פון אונז האט געפונען א

קארטאפל,האט ער זי געפרווט אפבראטן אין וואַ-

גאן.האט עס אן ס.ס.באמערקט.איז ער אריין און

אים געגעבן א קויל אין קאפ.דאס איז געווען

איינער פון בענדין.דער ס.ס.מאן האט זיך אום-

געדרייט,געזען,אז ער לעבט נאך,האט ער אים

אריינגעשאסן נאך א קויל.ער האט זיך אומגע-

קערט און ווידער געזען,אז ער זשיפעט נאך,

האט ער אים צום דריטן מאל געגעבן א קויל אין

קאפ.איך קען עס ביז היינט נישט פארשטיין.דער

ייד האט זיך נאך אויפגעזעצט און זיך געבעטן:

"חברים,וועט איר וועט גיין,נעמט מיך מיט"..

און אזוי האט ער בײסלעכווייז אויסגעהויכט די

נשמה.שווער צו דערקלערן,ווי אזוי ביי א מו-

זעלמאן האט זיך דערנומען אזא גבורה און האט

געוואלט דערהאלטן דאס שטיקל לעבן,און האט בא-
צאלט דערפאר אזוי טייער.דער הונגער האט דעם
מענטש געגעבן איבערנאטירלעכע כוחות.

מיר האבן זיך ארומגעדרייט אויף דער סטאציע
און געזוכט עפעס צו עסן.מיר האבן דערשנאפט,
אז עס איז פאראן אין דער נאענט א קעלער מיט
קארטאפל.אייניקע פון אונז האבן זיך אהין אריינ
באקומען.די רוצחים האבן עס דערשנאפט.האבן זיי
געברענגט דעם מאגאזיניער,ער האט געעפנט דעם
קעלער,האבן זיי דארט געכאפט עטלעכע מענטשן
און זיי דערשאסן.צווישן זיי איז געווען א
יינגעלע פון א יאר 15.זיי האבן דאס קינד גע-
הייסן זיך אוועקלייגן אזוי ווי צום שלאפן און
אים געגעבן א קויל אין קאפ.איך קען נישט פאר-
געסן דאס אומשולדיקע פנימל פון דעם קינד,וואס
האט זיך פארדעקט דאס פנימל מיט בײדע הענטלעך
און געווארט אויפן טויט. זאל דאס זיין אן אנ-
דענק פארן הייליקן אומבאקאנטן קינד,צווישן די
מיליאנען קרבנות,וואס האבן נישט זוכה געווען
צו קומען צו קבר ישראל.

דאס איז געשען אין שווארצענפעלד,נישט
ווייט פון שוואנדארף,אין בייערן,נאענט פון

ווײדען, דא זענען מיר אינגאנצן הפקר-בלויז
ייִדן, אויב קאצעטניקעס האבן נישט קיין שוץ,
איז מיט בלויז ייִדן נאך הפקרער פאר יעדן
סאדיסט, וואס איז דורשטיק נאך ייִדיש בלוט.
אזוי זענען די נאצי - רוצחים געווען ביזן
לעצטן טאג פאר דער באפרייאונג, אויב עס האט
זיך געטראפן איינער פון זיי, וואס האט צוגע-
ווארפן א ייִד א שטיקל ברויט, אדער א קארטאפל,
האט ער עס געטון, כדי צו האבן אן אליבי נאך
דער באפרייאונג.
זיי זענען שוין געווען ארומגערינגלט דורך די
אמעריקאנער, האבן זיי באשלאסן אונז צו פירן
קיין רעגענסבורג, און פון דארט-קיין דאכאו.
דער באפעל איז געווען - אויב די אמעריקאנער
דערנענטערן זיך, זאלן זיי אונז אלעמען שיסן.
און ווייטער - אין וועג אריין, די קראנקע
בלייבן, מיר ווייסן וואס דאס הייסט-א קויל
אין קאפ,דעריבער איז יעדער מיט די לעצטע
כוחות, מיטגעגאנגען, געבליבן זענען דאך א
פאר הונדערט, וואס האבן זיך מער נישט געקענט
רירן.
צו 200 מאן אין א גרופע, אין 5 גרופן, הייבט
זיך אן דער לעצטער טויטן-מארש, ערב דער
באפרייאונג, מיר דערנענטערן זיך צום ראנד פון
א וואלד, עס איז שוין געווען פינסטער,
די פיס שלעפן נישט מער

מער.מיר ליגן אויף אן אפן פעלד,באדעקט מיט
שניי,קוליען זיך איינער צום אנדערן.די געגנט
איז געווען א בארג־יקע.דא איז נאך קאלט אפילו
אין חודש מאי.אין דער פרי - ווייטער מארשירן.
מיר גייען אריין אין וואלד,וויל בייטאג איז
נישט מעגלעך צו גיין אויף די אפענע וועגן,
וויל די אמעריקאנער אוויאנען לאזן זיך אראפ
און באשיסן אלץ,וואס באוועגט זיך.קיין שטיקל
ברויט נישט,קיין טרונק וואסער.איך האב געהאט
מזל,בין אריינגעפאלן אין דער בעסטער גרופע.
אונזער גרופן-פירער,אבערשארפירער שובערט האט
געזאגט:"איך וויל ברענגען מיין גרופע א גאנ-
צע!".ער איז אוועק אין א נאענטן דארף און גע-
ברענגט א וואגן מיט געקאכטע קארטאפל.יעדער
פון אונז האט באקומען צו 10 גרויסע קארטאפל.
צוויי טעג און צוויי נעכט האבן מיר פאר-
בראכט אין וואלד.עס איז באפוילן געווארן מיר
זאלן זיך אפשערן,ראזירן,איינוואשן זיך.גרו-
פנווייז האט מען אונז געפירט צו א וואסער.
מיטאמאל א באפעל: ווייטער מארשירן! ביז איצט
איז פון אונזערע 200 מענטשן קיינער נישט גע-
פאלן.ערגער איז געווען מיט די אנדערע גרופן,

מארש,האבן באקומען א רויען קארטאפל א טאג,
אנדערע האבן גארנישט באקומען.אין דער געגנט
האבן זיך ארומגעשלעפט,האלב-טויטע,איבער 20
טויזנט קאצעטניקעס פון לאגער פלאסענבורג,פון
אנדערע לאגערן.די גאנצע לענג פון וועג - פאר-
זייט מיט טויטע.

דעם 21-טן אפריל 1945 זענען מיר אריינגע-
קומען אין א שטאט.א גאנצע נאכט האט גערעגנט.
פון מיינע קליידער-שמאטעס האט גערונען דאס
וואסער.מיר האבן געהאפט דא איבערצונעכטיקן.
דער רעגן הערט נישט אויף.דער פראנט דערנענ-
טערט זיך.מיר טרעפן דארט א סך גרופן פון פאר-
שידענע לאגערן,אויך פון קינדער-לאגערן.דער
יאמער און געשריי לעכערט די אויערן.פון א
הויז איז ארויסגעקומען א פרוי מיט א קויבער
אין האנט,געוואלט געבן עפעס צו עסן די קינדער
איז צוגעלאפן אן ס.ס.-באנדיט און זי געווארנט
זי זאל עס נישט טון."איר קענט טון מיט מיר
וואס איר ווילט!"... - האט די פרוי בעזאגט
און פארטיילט אלץ פאר די קינדער.די ס.ס.האבן
דאסמאל מער נישט רעאגירט.אין די שטעט און
דערפער,צווישן מענטשן,האבן זיי מער נישט גע-

שאסן,נאר אויף די וניסטע וועגן און אין די
ווע דער.אבער די ציוויל-באפעלקערונג האט גוט
געוואוסט ווי זיי מארדן אונז,די ס.ס.פאראן
הייבט פיל דייטשן,וואס טענהן,אז זיי האבן,נע-
בעך,פון גארנישט געוואוסט פון די אלע פארברע-
כנס קעגן מיליאנען יידן און נישט-יידן.אמת
איז,אז זייער קריגס-אפאראט איז געווען אזוי
גוט ארגאניזירט,אז זיי האבן געקענט מאסקירן,
אבער די מענטשן האבן גוט געוואוסט דעם אמת.
האט דאך די ציוויל-באפעלקערונג גענאסן פונעם
רויב.אלע כמעט האבן זיי באקומען פעקלעך מיט
די טייערסטע זאכן,צוגערויבט ביי יידן. חוץ
דעם זענען אין דייטשלאנד גופא געווען הונער-
טער,טויזנטער קריגס־געפאנגענע און ציווילע
פון גאנץ אייראפע,וואס האבן געארבעט אין די
גרויסע פאבריקן ביי די ערגסטע באדינגונגען.
יעדן טאג זענען טויזנטער אויסגעשטארבן.און
קיינער פון די דייטשן האט נישט פראטעסטירט
ביזן לעצטן טאג פון דער מלחמה.א פאקט איז,
אז די ציוויל-בעפעקלערונג אין דייטשלאנד האט
נישט געהונגערט,האבן געהאט פון אלעם גוטן,
אויפן חשבון פון די בארויבטע און דערמארדעטע

פעלקער.דאס האט יעדער דייטש זייער גוט געוווסט און שטאלץ געווען מיט זייער גוטן ארגאניזאטא-רישן אפאראט.

די ס.ס.-וואך איז אריין אין פריוואטע הייזער,זיך אנגעגעסן,אנגעווארעמט אויסגערוט זיך, און ארויס ווידער טרייבן אונז אין מארש.זיי האבן נישט געוואלט בלייבן מיט אונז אין שטאט. הונגעריקע ,שוואכע,אויסגעצעטע,קענען מיר שוין קוים שלעפן די פיס.אין דער נאכט זענען פון אונזער גרופע אוועקגעפאלן 55 מענטשן,די מערסטע - יונגע קינדער,פון קינדער-בלאק אין פלאסענבורג. דאס איז געווען איין טאג ערב דער באפרייאונג. שפעט ביינאכט זענען מיר אריינגעקומען אין א דארף,וואס רופט זיך וועטערפעלד,אין דער געגנט פון שונאנדארף.מיר ווערן אריינגעטריבן אין א סטאדאלע מיט שטרוי.זענען מיר צופרידן אויסצו-רוען זיך,אויסטריקענען די נאסע קליידער,כאטש קיין עסן גיבן זיי נישט.אין דער סטאדאלע זע-נען מיר געלעגן ביז מאנטיק פרי.קיינער האט אונז נישט גערופן,ס'האט זיך קיינער נישט גע-וויזן צו אונז.

איך האב זיך פרי אויפגעהויבן און געטראכט

וועגן גיין "ארגאניזירן" עפעס צו עסן.כ׳גיי
ארויס אין הויף און זע ווי א דייטשקע גיט צו
עסן געקאכטע קארטאפל פאר די חזירים.האב איך
זיך צוגעשארט און האב ארויסגענומען א שפאר
ביסל קארטאפל,און אומבאמערקט זיך צוריק ארייג-
געשארט אין סטאדאלע און פארטיילט עס פאר אלע.
יעדער האט באקומען א האלבע קארטאפל,זיך צו
דערכאפן די נשמה.עס איז אריינגעקומען אן ס.ס.-
מאן און געזאגט,אז מ׳וועט פאר אונז קאכן קאר-
טאפל;אז מען וועט פון דאנען דערווייל נישט
אוועקגיין.ארום 11 אזייגער,פארמיטאג,זאלן
אלע ארויס צום אפעל.

ער האט אונז אפגענארט,מיר מוזן פארזעצן
דעם מארש.די וואך-מענער שטייען מיטן אנגעלא-
דענעם געווער אין די הענט.שטעלן אונז אויס
אין רייען.מיטאמאל הערן מיר א גערויש פון אן
עראפלאן.ער איז געפלויגן נידעריק איבער אונז,
אבער האט נישט געשאסן.דערנאך הערן מיר א גע-
רויש פון שווערע מאשינען.מיר הערן א שיסעריי
פון גאנץ נאענט מיט לייכטע מאשין-געווער.און
אט באווייזט זיך א גרויסער טאנק מיט א ווייסן
שטערן.אין דער ערשטער מינוט זענען מיר געווען

ממש צעטומלט. מ׳האט נישט געוווסט וואס פארא
סארט שטערן דאס איז. מיר האבן געוווסט אז די
רוסן האבן א פינף-עקיקן שטערן, אבער מיטאמאל
האבן אלע אויסגעשריגן: אמעריקאנער! דאס זענען
די אמעריקאנער! א פרייד, א הורא, הורא!.
דאס וויינען פון פרייד קלינגט מיר נאך ביז
היינט אין די אויערן.
מיר האבן געוווסט, אז די אמעריקאנער דערנענטערן
זיך, אבער אז דאס וועט זיין אזוי שנעל און
אומגעריכט, אן א ווידערשטאנד, האבן מיר נישט
געחלומט. אבער דאס דייטשע מיליטער האט שוין
מער נישט געקעמפט. די ס. ס. באנדיטן האבן
אבער ביז דער לעצטער מינוט נישט אפגעלאזט די
קאצעטניקעס. מיר האבן געהאט מזל, נישט
דערשאסן צו ווערן אין דער לעצטער מינוט, און
זענען באפרייט געווארן דורך די אמעריקאנער.
פיל זענען אזוי אומגעקומען אין די לעצטע שעהן
ערב דער באפרייאונג, און די באנדיטן דרייען
זיך ביזן היינטיקן טאג ארום פריי.
זיצן אויף הויכע פאסטנס אין מערב, און אין
מזרח - דייטשלאנד.
די גאנצע וועלט ווייסט עס, און מען שווייגט.
ווייל יידיש בלוט איז הפקר.
טויזענטער זענען אויסגעשטארבן

שוין נאך דער באפרייאונג.זיי האבן שוין מער קיין כוח ניש געהאט צו געניסן פון דער פריי- הייט,וועגן וועלכער זיי האבן אזוי לאנג גע- חלומט.

די דייטשע וואַך האט באלד אורעקגעווארפן דאס געווער,זיך אונעקגעלייגט אויף דער ערד. אונזערע רוצחים האבן געוווסט,אז די אמעריקא- נער וועלן זיי גארנישט טאן.די אמעריקאנער האבן אונז געגעבן צו פארשטיין מיר זאלן נאכ- גיין אין דער ריכטונג פון די טאנקען. א סך הייזער האבן געברענט,און מיר זענען נאך אלץ געווען אין גרויס צעטומלעניש.א פרוי איז ארויס פון א ברענענדיק הויז און געבעטן הילף ארויסצושלעפן א קאסטן,מעגלעך אנגעפילט מיט ווערטפולע זאכן.איך האב געהאלפן און באקומען דערפאר עטלעכע אייער,אביסל צוקער.איך מיט א חבר האבן עס באלד אויפגעגעסן.קנאפע 5 יאר האב איך קיין אייער און צוקער ניט געזען. 6 אייער מיט צוקער האב איך אליין אויפגעגעסן. דאס איז געווען מיין ערשטער מאלצייט נאך דער באפרייאונג.

די קאצעטניקעס,רעפן,האבן זיך באלד ארגא-

ניזירט,זענען אריין אין די ציווילע הייזער,
צו רויבן,נעמען אלץ,וואס איז זיי געקומען
אונטער דער האנט.זיי ,די רוסן,זענען נישט גע-
ווען אזוי אויסגעמאטערט ווי מיר.זיי האבן זיך
גוט "ארגאניזירט" אין די לאגערן,געארבעט א ין
די קיכן.זיי זענען אויך געווען די,וואס האבן
פון די שוואכע ארויסגעריסן דעם ביסן פון מויל,
זענען געווען גרייט צו טרעטן אויף טויט און
לעבעדיק,כדי איבערצולעבן אויפן חשבון פון די
שוואכערע.זיי האבן זיך איצט אויך ארגאניזירט
אין באנדעס,זענען ארויס אין די וועלדער זוכן
די ס.ס.-רוצחים,וואס האבן זיך באהאלטן.זיי
האבן נקמה גענומען פאר די ליידן פון אזוי פיל
יארן.יעדן טאג האבן זיי געברענגט צופירן איי-
ניקע שטיק פון די פארברעכער,און ווער פון די
קאצעטניקעס האט עמיצן דערקענט,האבן זיי אים
אויפן פלאץ מיט מעסערס דערשטאכן אויף
טויט.דאס איז געווען א זיסע נקמה פון די פאר-
ביטערטע מענטשן.

איך האב עס געזען מיט מיינע אויגן,אבער
מיר,יידן,האבן עס נאך אלץ נישט געקענט,ווייל
מיר זענען געווען צו שוואך;און ווען מען איז

צו-זיך געקומען,איז שוין געווען צו שפעט.טייל פון די געכאפטע ס.ס. האבן מיר איבערגעגעבן צו די אמעריקאנער.

מיר האבן געזוכט אן ארט זיך אויסצורוען, קומען צו די כוחות.די אמעריקאנער,וואס האבן אונז באפרייט,האבן עס פארשטאנען און זייער פיל מיטגעהאלפן.זיי האבן אלץ געטאן צו פאר-לייכטערן אונזערע ליידן,געגעבן אונז פון אלעם גוטן. מיר זענען געווען אויסגעהונגערט, אוסגע-צערט, האבן זיי אונז געגעבן פיל צו עסן. זיי

זענען צופרידן געווען אונז צו זען עסן מיט אפעטיט,צוכאפן זיך צו די קאנסערוון-פלייש,און דאס האט אויף פיל פון אונז געברענגט דעם טויט. דער מאגן,איינגעשרומפן,האט נישט געקענט אויפ-נעמען קיין שווערע עסנס,קיין פעטס. אין דעם הויז,וווּ איך האב זיך אויפגעהאלטן מיט נאך 6 חברים-קאצעטניקעס,האט אונז די אלטע פרוי גע-ווארנט,נישט צוצוכאפן זיך שנעל צום עסן.ווען איך האב געטרונקען דאס ערשטע ביסל מילך,האב איך באלד באקומען דיארע.ס'האט געדויערט א 10 טעג ביז דער מאגן האט זיך צוריק צוגעוווינט צו נארמאלער דערנערונג.

ביי די דייטשן אין זייערע הייזער האבן מיר געפונען פון אלעם גוטן: מעל,אייער,הינער,מילך, געגדז.מיר האבן געקאכט מאנגע-קאשע און אנדערע לייכטע שפייזן,דער מאגן זאל זיך צוגעוווינען צום נארמאלן פארדייען.ערשט דערמאלט האט דער עולם אנגעהויבן עסן.אונזער חלום "עסן" האט זיך פארווירקלעכט.נישט איינמאל האט מען אין לאגער געחלומט: ווען וועל איך האבן א גאנץ ברויט פאר זיך אליין?...אין דעם דארף האבן מיר געפונען פון אלעם גוטן.קיין סימן נישט פון די 6 יאר מלחמה.די ציווילע דייטשן אין די דערפער און קליינע שטעטלעך האבן,הייסט עס, געפירט א נארמאל לעבן.ביי זיי איז גארנישט צע-שטערט געווארן,חוץ,וואס די מענער זענען גע-ווען מאביליזירט,די סאלדאטן האבן אהיימגעשיקט פעקלעך מיט די טייערסטע זאכן,וואס זיי האבן אומעטום אנגערויבט.און ווען זיי האבן די מל-חמה פארלוירן און ס'איז אריינגעקומען דאס מי-ליטער פון די אלאירטע,האבן זיי געחנפעט די נייע הערשער,אויפגענומען דעם נעכטיקן שונא מיט א שמייכל.די אמעריקאנער האבן זיי נאך אנגעשטאפט מיט ציגארעטן,שאקאלאד,וויל נאר

דאס האט זיי געפעלט,די דייטשע פּרוילייגס...

די גרויסע דייטשע שטעט זענען געווען צע-
שטערט.גארנישט האט פונקציאנירט.די באפעלקע-
רונג האט געהונגערט אין די לעצטע חדשים פון
קריג.די אלאירטע האבן צעשטערט די דייטשע אינ-
דוסטריע-צענטערן,געבראכן די מאראל ביי דער
באפעלקערונג,מיט די מאסיווע באמבארדירונגען.
די דייטשן האבן אלץ געטאן צו געווינען די
מלחמה,אבער ווען זיי האבן געזען,אז זי איז
פארלוירן,האבן זיי געמאכט א נייע ווענדונג
און היטלערן דערקלערט אלס משוגענעם,אז נאר
ער אליין איז דער שולדיקער אין דער מלחמה.
זיי האבן אים נישט געקענט מוחל זיין די מפּלה,
אבער אליין זענען זיי,נעבעך,גארנישט שולדיק.
מ'האט זיי פארפירט...זיי האבן איבערהויפּט
נישט געוווּסט פון די גרויל-טאטן פון די ס.ס.-
באנדיטן...

און מ'האט זיי נאך געגלויבט זייערע פער-
פידע פארענטפערונגען.די מיליטער-הערשער,די
אלאירטע,האבן נישט ארויסגעוויזן קיין שנאה
צו דער ציוויל-באפעלקערונג,נישט גענומען קיין
נקמה.בלויז די רוסן האבן נקמה גענומען,נישט

דערפארוואס זיי האבן אומגעבראכט 6 מיליאן
יידן, נאר ווייל זיי האבן אומגעבראכט 20 מיל-
יאן רוסן, וואס זיי האבן צעשטערט די רוסישע
שטעט, און דער עיקר - ווייל די דייטשן האבן
פאראטן דעם אפמאך צווישן סטאלין-היטלער אין
1939, זיך צו טיילן מיט דער מאכט אין פוילן,
אין אנדערע לענדער, מיט זייער אנפאל אויף רוס-
לאנד דעם 22-טן יוני 1941. די רוסן האבן איבער-
געפירט די גרעסטע פאבריקן פון דייטשלאנד צו
זיך, קיין רוסלאנד. טאג און נאכט האט געארבעט
דער רוסישער מלחמה-אפאראט, אויפצולאדן אלץ,
וואס האט זיך געלאזט, אין לאנגע צוגן מיט פאר-
זיגלטע וואגאנען, אויך קאנוואיען פון לאסט
אויטאס, מיט שיפן. דער ציל איז געווען א דאפל-
טער: פארניכטן די דייטשע ווירטשאפט, איבערפירן
מיט געוואלט פיל דייטשע וויסנשאפטלער, וואס
זאלן ארבעטן פאר זיי. זיי האבן אויך אפגע-
קליבן פיל נוצלעכע עלעמענטן צווישן דייטשע
קריגס געפאנגענע, אין די טויזנטער, וואס א
גרויסן טייל פון זיי האלטן נאך די רוסן ביזן
היינטיקן טאג.

דער צווייטער ציל איז געווען: אויפשטעלן

אין רוסלאנד דעם גרעסטן קריגס-אפאראט.אזוי
האט אויסגעזען סטאלינס עמעס! שולדיק זענען
אויך די מנהיגים פון יענער תקופה,וואס האבן
געגלויבט סטאלינען.אבער די רוסן האבן נישט
אלץ דערגרייכט,וואס זיי האבן פלאנירט.זיי
האבן טאקע אויפגעשטעלט א ריזיקן קריגס-אפא-
ראט זיך צו פארמעסטן מיט די אלאירטע,אבער עס
איז זיי נישט געלונגען צו פארבעסערן דעם
לעבנס-שטאנדארד פון דער באפעלקערונג.אין רוס-
לאנד שטייט מען נאך אלץ,היינט,אין 1974,אין
דער רייע נאך א שטיקל ברויט,נאך פלייש און
אנדערע וויכטיקע טאג-טעגלעכע פראדוקטן.אין
דער זעכבער צייט איז היינט דייטשלאנד דאס
רייכסטע לאנד אין אייראפע,טראץ דער גרויסער
מפלה זייערער.

איך שרייב דאס אלץ 29 יאר נאך דער מלחמה.
איך בין א פשוטער מענטש,דערצו א ייד,וואס
האט איבערגעלעבט דעם גאנצן קאטאקליזם. די
וועלט האט זיך,ליידער,נישט געענדערט,די
הייניטיקע מנהיגים האבן גארנישט געלערנט.
אבער מיר,די שארית הפליטה,האבן יא געלערנט.
איך שרייב די ווערטער אין יארטאג פון מיין

באפרייאונג,מיט 29 יאר צוריק.אין דעם טאג
האב איך דאס ערשטע מאל נאך ל יאר געגעסן א
רוי איי און א ביסל צוקער,דאס ערשטע מאל נאך
ל יאר געשלאפן אין א ווארעם בעט מיט א ווייס
ליילעך,צוגעדעקט מיט בעטגעוואנד.איך האב אנ-
געהויבן פילן,אז איך ווער צוריק א מענטש -
איך ווייס נישט צי א מענטש ווי אלע מענטשן;
צעבראכן גייסטיק און פיזיש,אבער א מענטש,וואס
באוועגט זיך פריי,אן שטעכל*דראטן,אן א וואך,
א מענטש,וואס קען דענקען פריי,נאך אזויפיל
יארן לעבן אין באראקן,בלאקן,געווען נישט מער
ווי א נומער,איינגעאטעמט אין זיך דעם רויך פון
קרעמאטאריומס,געהאלפן באערדיקן טויטע אין די
הונדערטער און זיך אפט אליין געראנגלט מיטן
טויט,נישט איין מאל געבעטן אויף זיך אליין
דעם טויט,עס זאל שוין א סוף נעמען,זיך לייגן
און מער נישט אויפשטיין.

דער נאצישער פלאן אונז צו פארניכטן איז
געווען נישט נאר קעגן יידן,אבער מיר זענען
געווען די ערשטע קרבנות.און דעמאלט ערשט האט
זיך דערוועקט דאס וועלט-געוויסן:"די דייטשן
ווילן פארניכטן פיל פעלקער." מען רעדט היינט

אין פוילן און רוסלאנד וועגן מיליאנען פאלאקן און רוסן,וואס די דייטשן האבן אומגעברענגט, אבער קיין איין ווארט נישט וועגן - יידן! אין דער צייט,ווען יידן זענען ביי זיי אליין ביר-גער פון א צווייטער מדרגה.ווען די נאציס האבן פלאנמעסיק פארניכטעט יידן,מיט דער הילף פון פאליאקן,אוקראינער,ליטווינער,זענען עס געווען - רוסעס און פוילישע בירגער...נישט קיין יידן.

ס'איז 29 יאר ווי די מלחמה האט זיך געענ-דיקט,פיל,וואס האבן איבערגעלעבט דעם נאצישן גיהנום,לעבן נאך,אדער ראנגלען זיך מיטן טויט; און שוין מאכט מען אקראבאטישע מאנעווורעס צו פארטושן און פעלשן די געשיכטע.דאס דארף זיך פאסן פאר די נייע מנהיגים,וואס גרייטן א נייע וועלט-שחיטה.איך גלויב,אז די רוסן זענען נאך אפשר געפערלעכער,ווי די פאשיסטן.דער היטלעו-פאשיזם האט אפן דערקלערט,אז זיי ווילן אונז אומברענגען.דאקעגן רוסלאנד קאמופלירט עס אונ-טער שיינע פראזן וועגן סאציאליזם,און מיליא-נען מענטשן גלויבן דערין.(איך האב דאך אויך אזוי געגלויבט.מיר מאכן דעם אויספיר: דער בא-ו,אלטענער שונא איז אפט געפערלעכער ווי דער

אפענער שונא!

איך קער זיך אום צום טאג פון מיין
באפרייאונג, אין דעם דארף "וועסטערפעלד",
דעם 23-טן אפריל 1945. דעם טאג פארעכן
איך ווי א נייעם געבורטס-טאג, אנצוהייבן א
ניי לעבן.

ווען מיר האבן זיך שוין געהאט זאט אנגעגעסן
אין דעם דארף, זענען מיר אוועק אין א צווייטן
דארף, "שטאמפריד", דארט האבן מיר זיך באזעצט
אין פריוואטע הייזער, מיר האבן געקאכט,
געבאקן, געגעסן פון אלעם גוטן, יעדער וואכן-
טאג איז געווען יום טוב- קרעפלעך, קעז-קוכן,
שמחת-תורה קוילעטשן, געשאכטן קעלבער, שעפסן,
גענדז, הינער.

צווישן אונז איז געווען א צוקערבעקער און
אויך א גוטער קוכער,

מיר האבן געטרונקען מילך גאנצע ליטערס: ווייל
נאך צוויי וואכן, האבן מיר שוין געקענט עסן
און טרינקען ווי יעדער נארמאלער מענטש.

מיר האבן זיך זאט אנגעגעסן פאר די גאנצע
5 הונגער יארן.

די אמעריקאנער האבן אונז געגעבן די בעסטע
ציגארעטן, אבער פסיכיש זענען מיר נאך נישט
באפרייט געווען.

נאך 29 יאר זע איך נאך אין מיינע חלומות,
ווי מען טרייבט, מען יאגט מיך אין די לאגערן.

אזעלכע קאשמארן, גלויב איך, זעבן איבער אלע
געוועזענע קאצעטניקעס. אזעלכע זאכן פארגעסן
זיך נישט אזוי לייכט! דאס יידישע פאלק האט
טייער באצאלט, און מיר, די געראטעוועטע, טארן
עס קיינמאל נישט פארגעסן!

---

# נאך דער באפרייאונג

אצינד,ווען מיר זענען צוריק געווארן פרייע מענטשן,זאט אנגעגעסן,באקומען צוריק דעם אויס- זען פון מענטשן,האט יעדער פון אונז זין דער- מאנט אין זיינע נאענטע.כאטש מיר האבן נישט געגלויבט,אז ס׳איז ווער לעבן-געבליבן.אבער יעדער באהאלט א שטיקל האפענונג – אפשר יא? די לעבן-געבליבענע האט מען געקענט טרעפן אין די לאגערן.אבער קומען פון איין ארט אויפן אנדערן,איז נאך נישט געווען אזוי לייכט.די קאמוניקאציע איז צעשטערט געווען.

מיט שרעק און אנגסט האב איך געפרווט דורך מיליטער-קאמוניקאציע דערשלאגן זיך צו מיין היים.די שטרעקע איז געווען ווייט.פון בייערן אין דייטשלאנד ביז פוילן.האב איך רע- זיגנירט.איך האב געקלערט – איז דאך געבליבן ווער פון מיינע נאענטע,וועל איך אים סוף כל סוף טרעפן.אזוי זענען מיר,עטלעכע חבריא,פאר- בליבן אין ווײַדען,בייערן,נישט ווייט פון מינכען.דארט האבן מיר זיך צייטווייליק איינ- געארדנט.

איינמאל האט זיך א גערעטעוועטער פון לאגער
אין בערגען-בעלזען,מיט גרויסע שוועריקייטן,
דערשלאגן צו אונז קיין ווידען.ער האט דער-
ציילט,אז אין דעם לאגער בערגען-בעלזען געפי-
נען זיך טויזנטער פרויען,צעבראכענע און קראנ-
קע.איך האב ביז דעמאלט נישט געהערט פון אזא
לאגער.האבן מיר אים מיטגעגעבן אונזערע נעמען
און אדרעסן.אפשר האט זיך ווער פון אונזערע
נאענטע דארט אפגעראטעוועט? און אזוי האט פא-
סירט א נס – איך האב געפונען מיין פרוי מיט
אירע צוויי שוועסטערן.מיין צווייטער לאנדס-
מאן (איציק גראנעק,זיין מוטער האט געשטאמט
פון דער משפחה קראשקאווסקי),האט אויך געפונען
עמיצן פון זיין משפחה.ער איז היינט אין אויס-
טראליע.

אינצווישן איז מיין פרוי אפגעשיקט געווארן
קיין שוועדן,צוזאמען מיט א טראנספארט קראנקע
פרויען.אויך אירע צוויי שוועסטערן,רבקה און
באטשא,זענען מיטגעפארן.

אזוי האבן מיר זיך צוריק פאראייניקט אין
שוועדן.דערנאך האבן מיר אפגעפונען די מאמע
מאכה ווייכמאן.זי איז באפרייט געווארן אין

פוילן, און לעבט היינט צוזאמען מיט אונז
אין שוועדן.
שוועדן האט נישט געליטן פון קריג,פארקערט,
איר אינדוסטריע האט געארבעט אויף דער גאנצער
פארע, עס איז געווען א פראספעריטי,מען האט
באדארפט א סאך ארבעטס-הענט. געקומען קיין
שוועדן נאכן קריג זענען נישט בלויז קראנקע,
נאר אויך געזונטע,ארבעטס-פעיאיקע.
עס זענען געקומען מענער צו זייערע פרויען,
פרויען צו זייערע מענער,קינדער צו עלטערן,
עלטערן צו קינדער,וואס האבן זיך אפגעפונען.
פיל קראנקע זענען אויסגעשטארבן נאך די לאגערן.
"ראווענסבריק" און דער מאַד-לאגער "בערגען-
בעלזען".
די לעבן-געבליבענע האבן אנגעהויבן ארבעטן,
לעבן א נארמאל לעבן, איך האב אויך אפגעפונען
די קינדער פון מיין שוועסטער,זיי זענען
היינט אין אמעריקע,אין קליוולאנד.
דאס איז אלץ,וואס איז מיר פארבליבן-נישט
ארייַנרעכענדיק אייניגע קוזינען.
ס'איז צוערשט נישט אזוי לייכט געווען אין
שוועדן,א ניי לעבן, א פרעמדע שפראך, נישט
קיין דירה. די ערשטע צייט האב איך נישט
געקענט ארבעטן ביי מיין פאך.
ס'האט געדויערט עטלעכע

יאר ביז מען האט זיך אקלימאטיזירט. ביז
1960 בין איך נאך געווען אזוי ווי פארטויבט
פון מיינע לײדן אין קאנצענטראציע - לאגער,
סיי פסיכיש, סיי פיזיש. איך האב זיך פארבינדן
מיט מיינע לאנדסלייט און חברים אין פאריז.
איך האב אנגעהויבן לייענען א יידישע צייטונג,
א יידיש בוך. אבער איך שוועדן איז ניטט געווען
אזא ווארעמע יידישקייט ווי אין אמאליגן פוילן.
צווישן די 8 מיליאן שוועדן לעבן ארום א 15
טויזנט יידן. זיי זענען צעשפרייט איבערן
גאנצן לאנד, כאטש די מערהייט לעבט אין די
גרויסע שטעט, אבער ניטט קאנצענטרירט אין איין
קווארטאל. עס איז ניטט גוט קיין געטא,אבער
די צעשפרייטקייט ברעקלט אונז אפ און עס כאפט
זיך ארײן די אסימילאציע זייער לייכט.
כאטש איך טראג א טיפן האס צו פוילן, האט
זיך מיט דער צייט אויפגעוועקט אין מיר א
פארלאנג נאך אמאל צו זען מיין געבורטס -
שטעטל קלאבוצק.
איך גלויב, אז יעדער איינער לעבט איבער
עפעס ענלעכס. איז דאך שוועדן ניטט אזוי
ווייט פון פוילן.
און אזוי האט עס פאסירט, אז איך בין נאך
אמאל געפארן זען מיין שטעטל קלאבוצק.

## ענין קלאבוצקער בית-עולם

אין יאר 1966 זענען מיר געפארן קיין פוילן און,פארשטייט זיך,באזוכט אונזער געבורטס-שטעטל קלאבוצק.דארט זענען מער קיין יידן נישטא.דער ציל מיינער איז געווען:באזוכן דעם בית-עולם, ווו עס זענען געקומען צו זייער אייביקער רו מיינע אורעלטערן,קריגס-קרבנות און די אומגעקו- מענע אויף קידוש השם.איך האב מיט ציטער איינ- געאטעמט די שארפע,שטילע לופט פון דעם צעשטערטן בית עולם.ווען כ'בין נאך געווען א קינד,האט מיך מיין פאטער,עליו השלום,געפירט ביי א הענטל און מיר געוויזן:"דא ליגט דער זיידע, דא - די באבע,און אנדערע פון אונזער משפחה, זכרונם לברכה".

איך האב געפרווט צו לייענען די אפגעמעק- טע אויפשריפטן פון די אלטע,שוין האלב-איינגע- פאלענע מצבות פון אייזן און שטיין.א טיף גע- פיל פון הייליקייט האט מיך ארומגענומען צום ארט,ווו עס האבן גערוט מיינע אורעלטערן און אויך אזויפיל אומשולדיקע קרבנות פון דער צייט פון דער נאצי-מגפה.רעשטלעך מצהות,ליי-

מענע שערבלעך ביים אמאליקן איינגאנג צום היי-
ליקן ארט.געפונען אפילו די אלטע סטעזשקע,זע-
ענדיק ווי א פויער קומט פון ווייטן און גייט
גענוי אויפן אלטן וועג,ווייל א רעליגיעזער
קריסט,א פויער,וויל אויך נישט טרעטן אויף
קיין קברים.

די שטאט-פארוואלטונג האט מיט א צייט צו-
ריק געפלאנצט ביימלעך,כדי צו פארהיטן דאס
הייליקע ארט,עס זאל נישט אפגעווישט ווערן.
אין דעם מאמענט איז מיר געקומען א געדאנק:
אויב די אנטיסעמיטישע פאליאקן היטן דעם היי-
ליקן ארט,פארוואס זאלן מיר נישט טאן עפעס
מער? איך האב געפילט א ציטער פאר די הייליקע
נשמות,וואס ליגן דא,סיי די,וואס זענען גע-
שטארבן מיט א נאטירלעכן טויט,סיי די,וואס
זענען אומגעקומען על קידוש השם.ווי איך וואלט
געהערט זייער שטימע:"מיר רוען דא איינזאם,
קיינער קומט נישט צו אונז.קי און פערד פאר-
אומרייניקן דאס הייליקע ארט"...

אזוי בין איך געקומען צום באשלוס,אז מען
דארף בויען אמויער ארום דעם בית-עולם אין
קלאבוצק.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען אהיים קיין
שוועדן, האט מיר שוין דער געדאנק נישט
געלאזט רוען, איך האב אנגעהויבן אויסצוארבעטן
א פלאן ווי אזוי צו פארווירקליכן מיין באשלוס.
דער געדאנק איז געווען א גוטער, דער צוגאנג צו
דער זאך -אן ערלעכער, דאס האט מיר געקאסט א
סך געזונט, צייט און געלט, נאר, ליידער-אן
דערפאלג; און דאס איז נישט צוליב מיין שולד.
אצינד- א טרוקענער באריכט איבער דער אנטוויק-
לונג פון דער גאנצער ארבעט במשך 5 יאר אין
ענין פון בויען א פלויט ארום דעם בית-עולם
אין מיין שטעטעלע קלאבוצק;
איך האב זיך פארבונדן מיט אייניקע לאנדסלייט
פון דער שארית הפליטה אין פאריז, געשאפן א
קאמיטעט און אנגעהויבן זאמלען געלט פאר דעם
הייליקן צוועק.
איך וויל דא דערמאנען, אז דער אפיציעלער
אנטיסעמיטישער קורס אין פוילן האט זיך
אנגעהויבן ערשט סוף יאר 1967.
אבער אין 1966, ווען מיר האבן באזוכט פוילן,
איז נאך די אטמאספער מער-ווייניק געווען
גינסטיק. איך וויל דערביי דערמאנען,
אז אייניקע קלאבוצקער יידן האבן

זיך אפגעזאגט צו געבן געלט פאר דעם צוועק,
ווייל דאס געלט ווערט געשיקט קיין פוילן,
און זיי האבן צו פוילן נישט מער קיין צוטרוי.
לויט מיין מיינונג, איז דער צוגאנג נישט
קיין ריכטיקער; ווייל יעדער ייד האט א חוב
זיך צו באטייליקן, לויט זיינע יכולת, אין
אזא הייליקער זאך. דעם געדאנק, ווידער אז די
פאליאקן וועלן דאס שפעטער טיי – ווי צעשטערן,
טאר מען אויך נישט צולאזן, ווייל מיר לעבן
היינט און טוען אונזער פליכט פאר אונזערע
טייערסטע, מיט דער האפענונג, אז דייער אנדענק
וועט פארבלייבן אויף אייביק.
אין יאנואר 1967 בין איך ווידער געפארן קיין
ווארשע.
ביים האנדלס – מיניסטעריום אין ווארשע איז
פאראן א ספעציעלע אפטיילונג אונטערן נאמען
" באנגא". דארט האב איך אנגעגעבן אביטע,
צו באקומען א דערלויבעניש צו בויען א פלויט
ארום זייעם בית עולם אין קלאבוצק.
איך האב זיך אומגעקערט קיין ווארשע אין
סעפטעמבער 1967, און זיך געוואנדן אין דער
זעלבער אינסטיטוציע, אויף מיין פראגע, ווי
עס האלט מיטן ענין, האבן זיי מיר געענטפערט,
אז אלע פאפירן זענען שוין איבערגעשיקט געווארן

קיין קאטאוויץ, ווייל קאטאוויץ איז איצט
די קרייז-גובערניע פון פאוויאט קלאבוצק.

ביז איך גלייך געפארן קיין קאטאוויץ
אין דעם אנגעגעבענעם אמט און זיך דארט
געטראפן מיט פרוי יאראטש. זי האט מיר
געוויזן די דערלויבינייש צו בויען דעם פלויט
און האט מיר פארזיכערט, אז אלע פאפירן זענען
שוין אפגעשיקט געווארן קיין קלאבוצק.
כדי ניש צו פארלירן קיין צייט, בין איך
גלייך אראפגעפארן קיין קלאבוצק, זיך געטראפן
מיטן פארזיצער, הער אנטאני שפאלעק.
ער האט באלד צוזאמענגערופן א זיצונג מיט
די אלע, וואס פארנעמען זיך מיט דעם ענין.
זיי האבן מיר געוויזן די דערלויבעניש, און
אויך אן אויסגעארבעטן פלאן פון דער מויער.
די מויער וועט ארומנעמען ,ארום און ארום,
488 מעטער. זיי זענען געווען זייער
העפלעך און מיך פארזיכערט, אז גלייך ווי
דאס געלט וועט אנקומען, נעמען זיי זיך צו
דער ארבעט.

איך בין צוריקגעפארן קיין ווארשע,
זיך געטראפן מיט הער פישגרונד,און ליבער
ברענער, די מיטגלידער פון יידישן קאמיטעט.
(פישגרונד לעבט שוין ניש) זיי

האבן מיר געראטן איך זאל דאס געלט שיקן צו
זיי,דאס הייסט,צום יידישן קאמיטעט אין ווארשע,און זיי וועלן עס אויסצאלן פאר דער ארבעט
אין קלאבוצק.מיר איז געווען גוט באקאנט,אז
דער אלטער פישגרונד פארט ארום אין פוילן איבער שטעט און שטעטלעך,מיטן צוועק צו פאריכטן,
צו ברענגען אין ארדענונג,די אלטע,פארלאזענע
יידישע בית-עלמינס.מיין צוטרוי צו זיי איז
געווען א פולער און בארעכטיקטער.

איך האב אויך געמאכט דעם חשבון,אז אויב
איך וועל שיקן דאס געלט צום יידישן קאמיטעט,
וועלן די דאלארן אויסגעצאלט ווערן לויטן קורס
פון 72 זלאטעס א דאלאר,אנשטאט דעם אפיציעלן
קורס - 24 זלאטע פאר א דאלאר.

די אויסגאבן פאר דער גאנצער ארבעט פון
דעם מויער האט באדארפט באטרעפן 244 טויזנט
זלאטעס.

אומגעקערט זיך אהיים,קיין שוועדן,האב איך
גלייך איבערגעשיקט 3400 דאלאר צום יידישן קאמיטעט אין ווארשע,מיט א פארזיכערונג פון מיין
זייט:"דאס געלט איז צו באנוצן נאר פארן צוועק
אויפצובויען א מויער ארום קלאבוצקער יידישן

בית-עולם".

מען האט זיי דארט אויסגעצאלט די דאלארן, לויטן קורס פון 72 זלאטעס א דאלאר. איך בין געווען זיכער, אז מען דערנענטערט זיך צום ציל און אלץ וועט זיין אויפן בעסטן אופן.

איך האב דאס גאנצע געלט נאך נישט געהאט איינגעזאמלט, נאר האב דערווייל אויסגעלייגט פון מיין טאש, כדי דעם ענין צו אײלן, ווייל איך האב געהאט דאס געפיל, אז נאך דער 6-טאגי-קער מלחמה צווישן ישראל און עגיפטן אין יאר 1967, ווערט דער פאליטישער קורס אין פוילן שארף געריכטעט קעגן ישראל, און אויך קעגן יידן אין פוילן.

דאס געלט, ווי געזאגט, האב איך אוועקגע-שיקט קיין פוילן דעם 21-טן נאוועמבער 1967, און דעם 28-טן יאנואר 1968 איז אין דער אמע-ריקאנער יידישער צייטונג "פארווערטס" פאר-עפנטלעכט געווארן אן אויפרוף צו אלע קלאבוצ-קער לאנדסלייט וועגן דער געלט-זאמלונג. דער פאריזער קאמיטעט האט אויך גערופן אלע קלא-בוצקער לאנדסלייט אין אייראפע, פאר דער זאמ-לונג. דער רעזולטאט איז געווען - א סומע פון

3208 דאלאר,וואס זענען געזאמלט געווארן.(די
רעשט האב איך אויסגעלייגט).

איך בין נישט באַרעכטיקט אנצורופן נעמען
פון די,וואס האבן געגעבן געלט אויף דעם היי-
ליקן צוועק;אבער איך האלט פאר א פליכט צו בא-
טאנען,אז צוויי יידן,וואס וווינען אין דייטש-
לאנד,האבן באלד אויפן ערשטן רוף געגעבן יעדער
איינער צו 250 דאלאר.אויך דער טשענסטאכאווער
קאמיטעט אין מאנטרעאל,קאנאדע,האט זיך באטיי-
ליקט מיט 50 דאלאר.

אין אלגעמיין איז די אקציע געלונגען.דאס
געלט,ווי געזאגט,איז איבערגעשיקט געווארן און
איך האב געווארט אויף א רעזולטאט.

ס'איז אבער מיטאמאל שטיל געווארן ארום
דעם גאנצן ענין.איך שרייב,איך טעלעפאניר קיין
ווארשע און - קיין שום רעזולטאט.דער פלויט
ארום קלאבוצקער בית-עלמין איז נאך אלץ נישט
געמאכט געווארן.

אין מערץ 1968 פאר איך ווידער אריין קיין
ווארשע.וואס ווייזט זיך ארויס? - מען וויל
נישט נעמען דאס געלט פון יידישן קאמיטעט,נאר
עס מוז אויסגעצאלט ווערן דורכן מיניסטעריום.

איך באקומ פון זיי א קאנטא-נומער און דער יידישער קאמיטעט זאל דאס געלט איבערשיקן.

איך בין ווידער ביים יידישן קאמיטעט און שרייב אונטער א פולמאכט,איבערצושיקן דאס געלט אויף דער קאנטא פון מיניסטעריום.

צוריק אהיימגעפארן קיין שוועדן,ווארט איך מיט אומגעדולד.די צייט לויפט און מען הערט גארנישט פונם גאנצן ענין.מיט עטלעכע וואכן שפעטער באקום איך א בריוו פון יידישן קאמיטעט און זיי שרייבן מיר:"מיר ווילן דאס געלט איבערווייזן צום מיניסטעריום,אבער מען וויל עס פון אונז נישט נעמען."אבער פאר דעם נאך האב איך אויך באקומען א בריוו פון מיניסטעריום, וווּ זיי שרייבן:"צו אונז איז קיין געלט פון יידישן קאמיטעט נישט אריינגעקומען".

אזוי האט זיך אנגעהויבן א מחול שדים (א שדים-טאנץ).איינער באשולדיקט דעם אנדערן. (דעם גאנצן אמת ווייסט אפשר ליבער ברענער, צו דער צייט מיטגליד פון יידישן קאמיטעט אין ווארשע.ער לעבט היינט אין ישראל).

דעם 18-טן סעפטעמבער 1968 האב איך אפגע-שטאט א וויזיט ביים הער יאניצקי,פויילישער

גענעראל-קאנסול אין שטאקהאלם.איך קלער איט אויף דעם ענין.ער וואונדערט זיך זייער פאר-וואס דער פלויס ארום בית-עלמין אין קלאבוצק איז נאך נישט פארטיק.ער עצהט מיך צו שרייבן א בריוו און ביילייגן אלע דאקומענטן,וואס איך האב איס געוויזן.ער,פון זיין זייט,וועט אינ-טערוועניר איז פוילן.איך האב אזוי געטאן.

מיט 3 חדשים שפעטער,דעם 12-טן דעצעמבער 1968,ווער איך גערופן צום גענעראל-קאנסול פון פוילן.ער דערקלערט מיר,אז דער אפיציעלער ענטפער פון פוילן איז:"ס איז נישטא קיין דער-לויבעניש צו בויען דעם פלויט".ווען איך בא-ווייז אים שריפטלעך,אז אזא דערלויבעניש איז ארויסגעגעבן געווארן,ענטפערט ער מיר אין א געוויסער פארלעגנהייט:"ס'איז עפעס א נישוף-ראד".איך בעט ביי אים ער זאל מיר געבן די תשובה פון פוילן שריפטלעך.ענטפערט ער מיר: "איך בין בארעכטיקט צו געבן די תשובה נאר מינדלעך,אבער נישט שריפטלעך".

דעם 3-טן יאנואר 1969 ווענד איך זיך צום אדוואקאט ראלניק אין שטאקהאלם,ער זאל פאדערן פון יידישן קאמיטעט אין ווארשע,זיי זאלן דאס

געלט צוריקשיקן קיין שטאקהאלם,ווייל עס איז
נישטא קיין דערלויבעניש צו בויען דעם פלויט
ארום בית-עלמין אין קלאבוצק.

15 חדשים האב איך געווארט,ביז עס איז אנ-
געקומען א בריוו פון הער עדווארד רייבער,פאר-
זיצער פון יידישן קאמיטעט אין ווארשע,מיטן
פאלגנדן אינהאלט:

" מיר זענען אייך זייער דאנקבאר פאר דעם
געלט.מיר טראכטן דאס געלט אויסצונוצן פאר דעם
גרויסן קולטור-הויז,וואס מיר בויען דא - פאר
יידישער קולטור,פאר דער צייטונג,פארן טעאטער,
א.ד.גל.מיר גלויבן,אז עס איז אייך צום הארצן
יידישע קולטור.מיר דאנקען אייך,קלאבוצקער
לאנדסלייט,און א ספעציעלן דאנק דעם פאריזער
קאמיטעט".

האב איך באלד זייער ענערגיש פראטעסטירט
ביים יידישן קאמיטעט אין ווארשע,און זיי גע-
פרעגט,שריפטלין:ווער ס'האט זיי באפולמעכטיקט
אויסצונוצן דאס געלט צו צוועקן,וואס זענען
נישט באשטימט.איך האב קאטעגאריש פארלאנגט דאס
געלט ווי אמגיכסטן צוריקצושיקן.

ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט,אז דער גאנצער

ענין איז פארעפנטלעכט געווארן אין דער יידי-

שער פרעסע.דעם 22-טן אויגוסט 1970 איז אין

ניו-יארקער "פארווערטס" פארעפנטלעכט געווארן

אן ארטיקל אונטערן נאמען:"אויך אפגענארט די

טויטע".דעם 18-טן סעפטעמבער 1970 איז דער זעל-

בער ארטיקל דערשינען אין די תל אביבער "לעצטע

נייעס".אבער דאס אלץ האט נישט געהאט קיין ווירי

קונג אויף דער אנטיסעמיטיש ענדעקישער רעגירונג

אין פוילן,און אויך נישט אויף די יידישע מה-

יפית'ניקעס דארט,וואס זאגן אמן אויף יעדן בא-

שלוס פון דער רעגירונג אין יידישע פראבלעמען.

שוין דעם 8-טן סעפטעמבער 1968 האב איך זיך

געהאט פארבונדן מיטן שוועדישן אויסערן-מיניס-

טעריום.זיי האבן זיך מיט פיל פארשטענדעניש

פאראינטערעסירט מיטן גאנצן טרויעריקן ענין,

און האבן צוגעזאגט זייער הילף,דורך דעם שווע-

דישן אמבאסאדאר אין פוילן,צוריקצובאקומען דאס

געלט פון פוילן.במשך דריי יאר האט די שוועדישע

אמבאסאדע אינטערווענירט,האט זיך געווענדעט

צום הער עדוארד וייבער,דעם פארזיצער פון יידי-

שן קאמיטעט אין ווארשע.

ערשט אין יולי 1969 האט די "באנק פאלסקי"

געגעבן א דערלויבעניש צוריקצושיקן דאס געלט,
אבער דאס געלט איז אלץ נישט דערגאנגען צו מיר.
האט דער שוועדישער אמבאסאדאר זיך ווידער גע-
ווענדעט צום הער רייבער: פארוואס דאס געלט
קומט נישט?דער ענטפער איז געווען:"איך מוז נאך
האבן א ספעציעלע דערלויבעניש פון פוילישן אי-
נערן-מיניסטעריום",דאס הייסט,פון דער פאליציי.
אויף דעם האב איך באקומען א בריוו פון שווע-
דישן אויסערן-מיניסטעריום,און זיי רעקאמאנ-
דירן מיך איבערצוגעבן דעם גאנצן ענין דעם
פוילישן אדוואקאטן-פאראיין.איך בין מסכים גע-
ווען,מיטן תנאי,אז דער אדוואקאט זאל באקומען
זיין האנאראר ערשט נאכדעם,ווי דאס געלט וועט
זיין אויסגעצאלט.מיט א צייט שפעטער באקום איך
א בריוו פון א פוילישן אדוואקאט אין ווארשע,
איך זאל ארייננשיקן 540 דאלאר;און אויב דער
רעזולטאט וועט זיין נעגאטיוו,דארף איך אים
צושיקן נאך 200 דאלאר.נאטירלעך האב איך אזא
פארשלאג נישט אנגענומען;איך האב שוין גוט
געוווסט די "ערלעכקייט" פון די פוילישע אנ-
טיסעמיטן.

נאך א לאנגיאריקן ווארטן,מיט דער זיכער-

קיים,אז דער שוועדישער אויסערן-מיניסטעריום

טרעט נישט אפ מיט עקשנות,האב איך ענדלעך בא-

קומען דעם 3-טן יולי 1971 א בריוו פון "באנק

נאראדאווי" איןווארשע,א מיטטיילונג,אז דער

יידישער קאמיטעט אין ווארשע האט איינגעצאלט

אין באנק אויף מיין נאמען 81.600 זלאטעס,דאס

הייסט,3400 דאלאר (לויטן קורס פון 24 זלאטעס

פאר א דאלאר).איך בין גלייך אוועק אין באנק

אין שטאקהאלם,די זעלבע באנק,וואס האט געהאט

איבערגעשיקט דאס געלט קיין פוילן,און זיי האבן

זיך געוואנדן מען זאל איבערשיקן דאס געלט צו

זיי אין באנק אויף מיין קאנטא.

דעם 27-טן יולי 1971 קומט אן ענטפער פון

דער באנק אין שטאקהאלם,אין ענגליש געשריבן;

"מיר באשטעטיקן,אז מיר האבן געגעבן די דער-

לויבעניש דאס געלט ארויסצושיקן נאך אין יולי

1969,אבער מיר ווילן,אז דער העררייבער פון

יידישן קאמיטעט זאל קומען אונטערשרייבן".דער

שוועדישער קאנסול ווענדעט זיך ווידער צו דער

באנק און פאדערט דאס געלט,ווייל ס'איז דאך

שוין אלץ באשטעטיקט.אבער זיי ענטפערן:"מיר

ווילן,אז דער העררייבער זאל קומען אונטער-

שרייבן." דער שוועדישער קאנסול פארלאנגט פון
הער רייבער ער זאל גיין אין באנק אונטערשריי-
בן.רייבערס ענטפער איז קורץ און שארף:"מיר
קענען מער גארנישט טאן אין דעם ענין".ער וויל
נישט גיין אין באנק אונטערשרייבן.

נאכדעם האב איך באקומען א בריוו פון שווע-
דישן אויסערן-מיניסטעריום,אז זיי קענען אין
דער זאך מער גארנישט טאן.איצט בלייבט נאר
איין וועג אפן – א פאליטישער אנגריף.אזוי
ווי אין חודש מערץ 1972 פארט דער שוועדישער
אויסערן-מיניסטער,הער קריסטער וויקמאן,קיין
פוילן,זאל ער דארט דעם ענין באהאנדלען.אבער
ווען ס'איז געקומען די צייט צו פארן,האט זיך
הער וויקמאן אפגעזאגט פון דעם,מיטן תירוץ,אז
ער קען זיך נישט מישן אין אזא זאך.

האט מען מיר רעקאמענדירט איך זאל זיך
טרעפן מיטן פוילישן אמבאסאדאר,הער בעהם,אזוי
ווי ער פארט צוזאמען מיט הער וויקמאן קיין
פוילן,זאל ער אינטערווענירן אין דעם ענין.
מען האט מיך אבער נישט צוגעלאזן צום הער
בעהם,טראץ אלע רעקאמענדאציעס און אמטלעכע
פאפירן,וואס איך האב זיי געוויזן.

נאך די אלע שוועריקייטן, וואס איך האב גע-
האט, האב איך געפרווט א נייע טאקטיק - די
עפנטלעכקייט, די פרעסע. איך האב זיך פארבונדן
מיט דער שוועדישער אוונט-צייטונג "אפטאנבלא-
דעט", וויסנדיק, אז זיי זענען איך גוטע באציאונ-
גען מיטן פוילישן פרעסע-אטאשע און אויך מיט
דער אמבאסאדע. עס איז דורכגעגאנגען גאנץ שנעל;
ווייל אויפן אנדערן טאג באקום איך א טעלעפאן
פון רעדאקטאר, איך זאל ווי צום גיכסטן שרייבן
א בריוו צום פוילישן אמבאסאדאר הער בעהם און
ביילייגן אלע דאקומענטן, און אוועקשיקן עס צו
אים רעקאמענדירט.

זעט אויס, אז די גאנצע זאך איז אויפגערו-
דערט געווארן אין ווארשע. דעם 5-טן אפריל 1972
האב איך באקומען א בריוו פון "באנק נאראדאווי"
אין ווארשע וועגן צוריקשיקן די 3400 דאלאר,
שרייבט די באנק, אז דער יידישער קאמיטעט האט
איינגעצאלט נאר איין דריטל פון דעם געלט. די
זאך איז פאלגנדע: ווען איך האב געשיקט דאס
געלט, האט די באנק אויסגעצאלט דעם יידישן קא-
מיטעט 244 טויזנט זלאטעס, דאס הייסט, לויטן
קורס פון 72 זלאטעס א דאלאר, און איצט האט דער

קאמיטעט איינגעצאלט 81.600 זלאטעס, דאס הייסט, לויטן קורס פון 24 זלאטעס א דאלאר. ווו איז דאס רעשט געלט פארשוווּנדן? אינטערע-סאנט, אז די גאנצע צייט האט מען גערעדט און געשריבן וועגן 3400 דאלאר, און מיט אמאל שרייבט מען נאר וועגן זלאטעס.

האב איך נאך אמאל געשריבן צום יידישן קאמיטעט אין ווארשע, כדי קלאר צו מאכן דעם ענין, און זיי געבעטן מ'זאל די זאך נישט שלעפן אזוי לאנג.

דעם 6-טן אפריל 1972 האב איך באקומען א בריוו פון "באנק נאראדאווי", אז זיי האבן דאס געלט איבערגעשיקט צו דער באנק פ. ק. או. – די באנק וואס האט אויסגעצאלט דאס געלט פארן יידישן קאמיטעט אין ווארשע.

אבער דער יידישער קאמיטעט האט אפילו נישט געהאלטן פאר נייטיק צו ענטפערן אויף מיין בריוו.

עס זענען ווידער אוועק א פאר וואכן, און ווען איך האב געזען, אז די זאך רירט זיך נישט פון ארט, האב איך זיך פארבונדן מיטן יידישן וועלט-קאנגרעס אין ניו-יארק און געבעטן זייער הילף. איך האב באלד באקומען אן ענטפער, אז פון ניו-יארק קענען זיי גארנישט טאן, אבער עס איז

פאראן א מעגלעכקייט עטוואס צו טאן דורך דער אפטיילונג פון יידישן וועלט-קאנגרעס אין דער שווייץ.

אזוי האב איך געווארט אויף דעם רעזולטאט, קען זיך פון דעם ענין נישט באפרייען. דאס האט מיך געקאסט געזונט, געלט און צייט. איך ווייס, אז די אנטיסעמיטן אין פוילן ווארטן נאר, אז איך זאל מיד ווערן. דאס איז זייער טאקטיק. אבער די זאך איז שוין אזוי באקאנט געווארן דא, אין שוועדן, אין אלע אינסטאנצן, אז איך קען שוין נישט אפטרעטן, ביז צו א זיכערער סאטיספאקציע איבער די אנטיסעמיטיש-קאמוניסטישע באנדעס אין פוילן.

דאס איז די טרויעריקע געשיכטע וועגן דעם פנים ארום צעשטערטן בית-עולם אין קלאבוצק. איך האב די האפענונג נישט אויפגעגעבן, אז דאס געלט וועט צוריקקומען, און מיט דער דערלויבע-ניש פון קלאבוצקער קאמיטעט, וועל איך דאס געלט שיקן קיין ישראל, אין אונזער הייליק לאנד, וואס האט אויפגעשטעלט מצבות אין "יד ושם", אין ירו-שלים, פאר אלע צעשטערטע יידישע קהילות אין איי-ראפע; און מיטן כוח פון דעם הייליקן צוועק, וועל

איך מיט מוט ווייטער קעמפן און נישט מיד ווערן ביז איך וועל מנצח זיין.

אצינד א פאר ווערטער צו מיינע טייערע לאנדסלייט פון קלאבוצק:

כאטש ואס אויפבויען דעם פלויט ארום בית-עולם פון אונזער שטעטל איז נישט דורכגעפירט געווארן,צוליב דער אפיציעלער אנטיסעמיטישער האנדלונג פון דער פוילישער רעגירונג,איז דאך עפעס אויפגעטאן געווארן.

אין א בריוו פון קלאבוצק,פון אפריל 1972, שרייבט מיר א פאליאק פאלגנדעס:"ס'איז געווען דער פראיעקט צו בויען א שפיטאל אויף דעם ארט", וויל לויטן פוילישן געזעץ,קען יעדער בית-עולם,וואס ווערט נישט גענוצט 20 יאר,פארבויט ווערן.און טויאץ דעם,וואס רע בית עולם אין קלא-בוצק איז נישט גענוצט געווארן 30 יאר,שטייט ער נאך אלץ אזוי ווי פריער,נישט גערירט. די ביימער וואקסן הויך און ווערן גוט געפלעגט. עס זעט אויס,אז די שטאט-פארוואלטונג איז אינ-טערעסירט דעם הייליקן פלאץ אפצוהיטן פון צע-שטערונג,צוליב דעם אויפגערודערטן ענין ארום דעם פלויט.

לאמיר האפן,אז מען וועט אויך ווײַ-
טער לאזן אונזערע טײַערע נפטרים און קדושים
אין זײַער אײביקער רו אומגעשטערט.

און צולעצט:אין יולי 1972 האב איךבאקומען
א בריוו פון דער ווארשעווער באנק,מיט א צו-
שריפט פון דער שוועדישער באנק:"מיר זעען די
זאך פאר פארענדיקט.מיר קענען אין דעם ענין
מער גארנישט טאן".די שוועדישע באנק באדויערט
די נישט-לאיאלע האנדלונג בנוג מיר פון דער
פוילישער זײַט.

דאס איז דער אינהאלט פון בריוו,וואס איך
האב באקומען פון ווארשע:

"ווארשע,26 יוני,1972

"נאראדאווי באנק פאלסקי",צו "סקאנדינאוויס·
קא באנקען",אין שטאקהאלם,

"באטרעף: הער זעלעק בערקאוויטשוועגן צו-
ריקצאלן 3400 דאלאר,רעפערירנדיק וועגן אונ-
זער בריוו פון 5-טן אפריל 1972 מיטן נומער
צ.6:7651/1-1699,ווילן מיר מיטטיילן,אז אין
בריוו,וואס צו אונז האט געשיקט דער יידי-
שער קאמיטעט אין ווארשע,ווו זיי שרײַבן פאל-
גנדיק:

"ס'איז נישטא קיין מעגלעכקייט מיר זאלן איינצאלן דאס געלט,וואס די באנק פאדערט פון אונז,בכדי צוריקצוצאלן דעם הער בערקאוויטש פאר דעם געלט,וואס ער האט געשיקט".

"דער יידישער קאמיטעט טיילט אונז מיט,אז אזוי ווי דער יידישער הילפס-קאמיטעט איז ליק-ווידירט געווארן ענדע 1967,זענען אלע געלטער געווארן איבערגעפירט צום יידישן קאמיטעט, צווישן זיי אויך דאס געלט פון הער בערקא-וויטש.פון די אלע געלטער איז געבויט געווארן א יידיש קולטור-הויז אין ווארשע.אין א בריוו צום הער בערקאוויטש,האט שוין דער יידישער קא-מיטעט געדאנקט דעם הער בערקאוויטש און אלע אנדערע שפענדער,פאר דעם געלט".

דאס געלט,וואס דער יידישער קאמיטעט האט געהאט צוריקגעצאלט אין דער באנק אויף דער קאנטע פון הער בערקאוויטש,איז געווען על פי טעות,ווייל דאס געלט איז געווען גענומען פון אן אנדערער קאנטע".

"צוליב דעם קען די באנק נישט צוריקשיקן פארן הער בערקאוויטש די 3400 דאלאר,וואס ער האט געשיקט אין נאוועמבער 1967".

"הער בערקאוויטש קען אין דער פראגע דער-
האלטן מער אינפארמאציעס דירעקט פון יידישן
קאמיטעט אין ווארשע,פלאץ גזשיבאווסקי נומער
3".

מיט אכטונג
"באנק נאראדאווי",ווארשאווא.

---

## וועגדונג פון דער פעדעראציע

## פון פוילישע יידן אין ישראל

## צום יידישן קאמיטעט אין ווארשע

אין 1973 האט די "וועלט-פעדעדראציע פון פוילישע יידן"* אין ישראל זיך געוואנדן צום צענטראל-קאמיטעט פון די פוילישע יידן אין ווארשע, וועגן דעם עניין קלאבוצקער בית-עולם. איך גיב דא איבער די קא-רעספאנדענץ צווישן אונז:

וועלט-פעדעראציע פון פוילישע יידן

הויפט-ליטונג, תל אביב, רחוב דיזנגוף 158,

31-טער דעצעמבער, 1973,

טייערער פריינד בערקאוויטץ,

ווי מיר האבן אייך אינפארמירט, האבן מיר געשריבן צום צענטראל-קאמיטעט פון די פוילישע יידן אין ווארשע. מיר האבן איצט באקומען אן ענטפער, פון וועלכן מיר לייגן אייך ביי א קאפיע פאר אייער אינפארמאציע, און דערווארטן אייער שטעלונג דערצו. גלייך אזוי דערמאנען מיר אייער ענטפער אויף אונזער פראגע: אויב איר האט קאנקרעטע פארשלאגן צו דעם עניין!

מיט פריינטשאפט-גרוסן -

אינזש. א. רייס

---

דער ענטפער פון ווארשע

קולטור-געזעלשאפטלעכער פארבאנד
פון די יידן אין פוילן

---

הויפט-פארוואלטונג/ווארשע, גזשיבאוו-פלאץ 12/14
נומער 16/.ק7/73

צו דער וועלט-ארגאניזאציע פון פוילישע-יידן
(הויפט-לייטונג) תל_אביב

חשובע פריינד,

ענטפערנדיק אויף אייער בריוו פון 12-טן נאוועמבער 1973 מכוח דעם ענין פון הער זעלעק בערקאוויטש פון שטאקהאלם, זענען מיר אייך מודיע פריינדלעך, אז נאכן אויפמערקזאמען אדורכאנא-לידירן דעם דאזיקן בריוו, קענען מיר פעסטשטעלן אט וואס:

די אנגעגעבענע דורכן הער בערקאוויטש סומע פון 3400 דאלאר איז אין הסכם מיט זיין דיספאזיציע רעאליזירט געווארן דעם 21-טן נאוועמבער 1967, דורך דער "באנק פאלסקא אפיעקי אקצינא אין ווארשע" (באנק פוילישע אויפזיכט-קאסע, אקציע געזעלשאפט אין ווארשע"), און די

קוואטע אין אומלויף-בארעס געלט,ד.ה.אין פוי-
לישע זלאטעס,איז איבערגעווויזן געווארן צו דער
דיספאזיציע פון דער "צענטראלער יידישער קא-
מיסיע פאר סאציאלער הילף אין ווארשע",מיט דער
באשטימונג אויף א פארצוימונג פונם בית-עולם
אין קלאבוצק.

אין דעצעמבער 1967 איז די יידישע הילפס-
קאמיסיע,נאכן אויספירן אירע באריטאטיווע אויפ-
גאבעס,ליקווידירט געווארן,און אירע אקטיוון
און פאסיוון זענען איבערגענומען געווארן דור-
כן קולטור-געזעלשאפטלעכן פארבאנד פון די יידן
אין פוילן.אויפן סמך פון דער דעציזיע פון דער
הויפט-פארוואלטונג פון קולטור-געזעלשאפטלעכן
פארבאנד פון די יידן אין פוילן פון 16-טן יא-
נואר 1968,איז באשלאסן געווארן יעטוועדע סומע,
וואס וועט אריינפליסן פון דער ליקווידאציע
פונעם פארמעגן פון דער יידישער הילפס-קאמי-
סיע,באשטימען אויף ארויסענדיקן דאס געבויטע
אין ווארשע - צוו.אנד.אויך מיט די אנשטרענגונ-
גען און הילף פון די פוילישע יידן אין דער
באנצער וועלט -"הויז פון ארבעט און יידישער
קולטור אין ווארשע".

דאס דאזיקע הויז איז היינט א צענטער פו-
נעם יידישן לעבן אין פוילן,אריינגעמענדיק
אין זיינע מויערן נישט בלויז די הויפט-פאר-
וואלטונג פונעם קול.געז.פארבאנד און די רע-
דאקציע פון דער "פאלקס-שטימע",נאר אויך דאס
יידישע מלוכה-טעאטער,וואס פירט אויף ספעקטאק-
לען אין א פרעכטיקן זאל,וואס איז פארזען אין
דער מאדערנסטער ליכט-אקוסטישער אויסשטאטונג,
ווי אויך מיט א באוועגלעכע בינע.אין דאזיקן
הויז האבן אויך געפונען אן ארט יידישע אר-
בעטס-קאאפעראטיוון און א קלוב.

דאס דאזיקע הויז בכן איז א באמת דויערנ-
דיקער דענקמאל פון א נוצלעכער טעטיקייט פון
די יידן אין פוילן,א טעטיקייט,מיט וועלכער
עס שטאלצירן סיי די יידן,וואס לעבן אין פוילן
סיי די,וואס לעבן מחוץ אירע גרענעצן.

וועגן דעם דאזיקן פאקט האבן מיר מודיע
געווען דעם פריינד בערקאוויטץ אין א בריוו
דעם 31-טן מערץ1970,פון וועלכן מיר שיקן
איבער א קאפיע.

אין אנבליק פון דאזיקן מצב-הענינים,זענען
מיר געווען – הן איך פערזענלעך,הן אויך דאס

פרעזידיום פון אונזער פארבאנד - טיף איבער-
צייגט,אז ואס באשטימען די אקטיוון פון דער
געוו.יידישער ג.ילפס-קאמיסיע,צווישן אנדערן
אויך די סומע,וואס שטאמט פון די פארקויפטע
דאלארן,צונויפגעזאמלטע דורכן קלאבוצקער קרייז
אין פאריז,און איבערגעוויזענע דורך דער פאר-
מיטלונג פון פריינד בערקאוויטץ,אויף ארויס-
ענדיקן אונזער בשותפותדיק הויז - וועט זיין
אין איינקלאנג מיט וייער ווילן.

ווען ס'האט זיך ארויסגעוויזן,נאך א בריוו-
אויסטויש,אז פריינד בערקאוויטץ,פאררופנדיק
זיך אויפן כלומרשטן ווילן פון די שפענדערס,
פאדערט אומצוקערן די איינגעצאלטע געלט-סומע,
אינפארמירן מיר,אז מיר קאנען - פון אונזערע,
איבעריקנס זייער באשיידענע מיטלען - בלויז
איבערגעבן צו זיין רשות,ווי באלד ער וועט
האבן א געזעצלעכע באפולמעכטיקונג פון די שפענ
דערס,דעם עקוויוואלענט אין פוילישע זלאטעס,
מחמת די טראנזאקציע פונעם פארקויף פון די דא-
לארן וועט זיך שוין נישט לאזן אפווענדן.די
דאזיקע סומע,לויט די דערהאלטענע דורך אונז
אינפארמאציעס,קאן אויסגעגעבן ווערן נאר אויפן

שטח פון פוילן.

נעמענדיק אין אכט דאס אלץ, וואס מיר האבן אויבן אנגעוויזן, זענען מיר טיף איבערצייגט, אז איר וועט פארשטיין אונזערע כוונות אין דער דאזיקער פראגע און ס'וועט זיך אייך עווענטועל איינגעבן איבערצייגן דעם פריינד בערקאוויטש צו ענדערן זיין שטעלונג און באשטימען די גע-געבענע מיט א ברייטער האנט געלט-מתנה פון דעם קלאבוצקער קרייז אויפן "הויז פון ארבעט און יידישער קולטור אין ווארשע", וואס וואלט אן שום צווייפל געווען די ריכטיקסטע - פאר ביידע צדדים - לעזונג פון דער דאזיקער אזוי שווערער פראגע.

מיט דרך ארץ

(עדווארד רייבער, פארזיצער)

(אונטערשריפט און סטעמפל).

---

מיין ענטפער צו דעם "פארבאנד פון פוילישע יידן אין ישראל", וואס איך האב געשריבן דעם 12-טן יאנואר 1972:

צו דער וועלט-פעדעראציע פון פוילישע יידן",

ליבע פריינד,

אין דאנק אייך פאר אייער שרייבן,ווי אויך
פאר דער קאפיטע פון "קולט.געז.פארבאנד פון די
יידן אין פוילן".איך בין געוועזן אין פוילן
וועגן פארריכטן די מויער ארום דעם צעשטערטן
יידישן בית-עולם אין קאבוצק;און איך האב בא-
קומען די דערלויבעניש צו מאכן די מויער,האב
אין איבערגעשיקט די 3400 דאלאר צום יידישן
קאמיטעט,בכדי זיי זאלן אויסצאלן פאר דער אר-
בעט.דאס איז געוועזן ווער אפמאך מיט זיי.(הער
פישגרונד און ליבער בוענער וואנען היינט אין
בת-ים).דאס געלט איז געשיקט געווארן נאר צו
דעם צוועק:"מויער ארום דעם בית-עולם אין קלא-
בוצק"!נישט אויף אנדערע צוועקן.שפעטער איז
געקומען אן ענטפער פון פוילישן קאנסולאט אין
שטאקהאלם,אז ס'איז נישטא קיין דערלויבעניש
צו מאכן די מויער.און דאס איז דאך ריינע גע-
נארעריי,ווייל איך האב דאס געלט געשיקט און
ווייל איך האב דאך יא באקומען די דערלויבע-
ניש.צוליב דעם האבן מיר געפאדערט צוריק דאס
געלט.זיכער האט ה' רייבער אין א בריוו צו
מיר געשריבן,אז זיי וועלן דאס געלט צושטייער
געבן פאר א יידיש קולטור-הויז אין ווארשע,

אבער מיר האבן באלד צוריקגעשריבן,אז מיר דער-
לויבן נישט!!ווער האט דעם ה׳ רייבער געגעבן
די דערלויבעניש צו דעם?! אויף זייט 3 שרייבט
ה׳ רייבער פאלגנדעס:
"פריינד בערקאוויטץ,פאררופנדיק זיך אויפן
כלומרשטן ווילן פון די שפענדערס,פאדערט צוריק
דאס געלט".וואס מיינט ער מיט דעם "כלומרשט"?.
אויף דער זעלבער זייט בעט ער אויך עווענטועל
איבערצוצייגן פריינד בערקאוויטץ צו ענדערן
זיין שטעלונג! דאס קען מער נאר אין רוסלאנד!
דארט וואלט -מען אונז געשיקט אין א משוגעים-
הויז...אונז צו איבערצייגן...מיר לעבן אבער
אין דעמאקראטישע לענדער.מיר האבן געזאמלט דאס
געלט פון אונזערע קלאבוצקער אין א סך לענדער,
פאר דעם הייליקן צוועק! אונזערע מארטירער זאלן
געפינען זייער אייביקע רו! פיל פון אונז האבן
געגעבן צו 3 און צו 5 דאלאר,דאס זענען ארעמע
מענטשן,זיי האבן געמאכט דעם גרעסטן אנשטרענג,
פאר א הייליקן צוועק,אבער נישט פאר א קולטור-
הויז אין ווארשע,וואס מאכט צו שאנד און צו
שפאט אונזער הייליקע קולטור-ירושה פון אמאליקן
יידישן ווארשע.א יידיש טעאטער,וואס קיין יידן

באזוכן נישט! א יידישע צייטונג - וועט ליי-
ענט זי? עס ווערט דאך דארט מער געלייענט,
אפילו פון יידן, די פארשפרייטע אנטיסעמיטישע
ליטעראטור די לעצטע צייט. איך האב שוין דערפון
א גאנצע זאמלונג.

ווען ה׳ רייבער וואלט געהאט א יידישע נשמה
וואלט ער שוין לאנג אוועק פון אנטיסעמיטישן
פוילן און נישט זיין א מאריאנעט, א "קוויס-
לינג". אונז איז דאך באקאנט, אז ה׳ רייבער בא-
שטימט נישט מיטן געלט. מיר וועלן קיינמאל נישט
מסכים זיין, אז דאס געלט זאל פארנוצט ווערן
פאר אנדערע צוועקן! מיר פאדערן צוריק דאס
געלט!

דאס איז אונזער ענטפער!

זיכער וואלט דאס געלט - ווען מיר באקומען
עס צוריק - געשיקט געווארן קיין ישראל, פאר
אן אנדענק פאר די פארטיזיקטע יידן פון קלא-
בוצק, פונקט ווי מיר האבן שוין אויך געשאפן
א יזכור-ספר פאר קלאבוצק.

זעלעק בערקאוויטץ
(אין נאמען פון פאריזער קאמיטעט).
שטאקהאלם, 12 יאנואר, 1974.

וועלט-פעדעראציע פון פוילישע יידן/הויפט-
לייטונג,תל אביב,רח' דיזנגוף 158

דעם 30-טן יאנואר,1974,

צום פריינד ז.בערקאוויטץ,שטאקהאלם,

טייערער פריינד בערקאוויטץ,

מיר האבן באקומען אייער בריוו פון 12-טן
יאנואר 1974.מיר זעען נישט קיין נויטווענדי-
קייט צוצוגעבן עטוואס צו אייערע קריטישע בא-
מערקונגען וועגן דער האנדלונג פונם קאמיטעט
אין פוילן און בכלל וועגן דער לאגע דארט,טראץ
דעם וואס מיר קאנען פיל,פיל צוגעבן,לויט אונ-
זערע דערפארונגען און לויט אונזערע אינפארמא-
ציעס.

ווי מיר פארשטייען,פון אייער בריוו,זייט
אויך איר אין דער מיינונג,אז ס'זענען נישט פא-
ראן קיין גוטע אויסזיכטן דאס געלט צוריק צו
באקומען און מיר זענען מסכים מיט אייך,אז מען
טאר נישט אויפהערן צו פאדערן זיי זאלן עס צו-
וויקצאלן.

דאס איז אויך דער צוועק פון אונזער בריוו
(די קאפיע לייגן מיר צו דעם בריוו).מיר מאכן
זיי אין א געוויסער מאס קאמפלימענטן,אבער דאס

האט נאר דעם צוועק צו פארמיידן א בייזע עק-
שנותדיקע שטעלונג פון זייער זייט.מיר זענען
נישט זיכער,אז זיי וועלן ענטפערן אויף אונזער
בריוו,אויב יא,איז כדאי צו וויסן וואס זיי
דענקען וועגן א פשרה.

מיט גרוסן

א.רייס.

(אצינד,אנהייב 1975,איז נאך ביז היינט
נישטא קיין ענטפער...).

---

דעם 8-טן פעברואר,1974

צו דער הויפט-פארוואלטונג פונם קולטור-
געזעלשאפטלעכן פארבאנד פון די יידן
אין פוילן,ווארשע.

חשובער פריינד,

מיר באשטעטיקן מיט דאנק אייער בריוו פון
13/12/73,פון וועלכן מיר האבן איבערגעשיקט
א קאפיע צום פריינד בערקאוויטש.

מיר האבן אויפגענומען מיט אינטערעס אייער
אינפארמאציע וועגן דעם פארענדיקן דעם בוי
פונם "הויז פון ארבעט און יידישער קולטור
אין ווארשע".מיר פארשטייען,אז דאס איז א

וויכטיקע דערגרייכונג און מיר ווינטשן אייך פיל דערפאלג אין דער ארבעט, וואס ווערט דארט געטאן - אמת, דאס זענען ווונטשן, וואס קומען שפעט - אבער ערשט איצט האבן מיר א מעגלעכקייט דאס צו טאן, ווען מיר דערוויסן זיך וועגן דעם פון אייער בריוו.

מיר נעמען זיך נישט קיין רעכט צו זיין שופטים אין דעם ענין, וואס איז צווישן אייך און הער בערקאוויטש. מיר זענען אבער מחויב אייך, אלס א געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציע - אויפמערקזאם צו מאכן אויף פרטים, וואס האבן א שייכות צו דעם ענין און וואס שאפן א מאדנעם איינדרוק.

1) אויב א נדבן גיט א ביישטייער א געזעלשאפטלעכער אינסטיטוציע און גיט איר נישט דאס רעכט צו באשטימען דעם צוועק, פאר וועלכן דאס געלט זאל באנוצט ווערן - בלייבט עס א רעכט פונם נדבן גופא. אין דעם פאל האט אבער בערקאוויטש <u>באשטימט</u> א קאנקרעטן צוועק, פאר וועלכן דאס געלט איז געגעבן געווארן. לכן ענדערן דעם צוועק אן זייך וויסן און אן זיין הסכמה, איז אן [illegible]קט, וואס האט א פגם.

2) איר שרייבט,אז דאס געלט איז "רעאלי-
זירט געווארן דעם 21-טן נאוועמבער 1967" און
אז "דעצעמבער 1967 איז די יידישע הילפס-קא-
מיסיע......ליקווידירט געווארן".דאס מיינט
נאר געציילטע טעג נאכן באקומען פונם געלט.
און ווייטער,אז דעם 10-טן יאנואר 1968,איז
באשלאסן געווארן "צו באנוצן דעם פארמעגן פון
דער הילפס-קאמיסיע פארן בוי פון דעם הויז".
3) לויט דער אנטוויקלונג,האט מען א רעכט
צו דענקען,אז די נטיעה צו גיין אויף דעם
וועג,איז שוין געווען באקאנט אין נאוועמבער
1967,ווען איר האט גענומען דאס געלט פון בער-
קאוויטש.פרעגט זיך דא די בארעכטיקטע שאלה -
ווי האט זיך געזען בארעכטיקט דער קאמיטעט
צו נעמען דאן דאס געלט,וואס האט געהאט א
קלארן און אויסדריקלעכן ציל,און מיד, - נאך
א קורצער צייט צו באשליסן צו באנוצן דאס
געלט אויף א גאר אנדערן צוועק.דער קאמיטעט
האט זיך נישט באמיט אפילו צו פארשטענדיקן
פריינד בערקאוויטש וועגן דעם באשלוס און
זיך צו באמיען צו באקומען זיין הסכמה דער-
צו.ערשט דעם 31-טן מערץ 1970 - כמעט 3 יאר

שפעטער - האט דער קאמיטעט אים אינפארמירט
וועגן דעם באשלוס.

מיט אונזער פולער פארשטענדעניש פארן
"באמת דיווערנדיקן דענקמאל פון א נוצלעכער טע-
טיקייט פון די יידן אין פוילן",איז נישט מעג-
לעך מסכים צו זיין צום אופן,אויף וועלכן איר
האט געלעזט די פראבלעמע פון ה' בערקאוויטשעס
צושטייער.

לכן דענקען מיר,אז עס פאדערט זיך צו קו-
מען צו א פארשטענדעניש מיטן נדבן און עס
וואלט לויט אונזער מיינונג,געווען פון גע-
זעלשאפטלעכן נוצן,ווען איר וואלט די זאך בא-
טראכט פון דאס ניי און אויסגעארבעט פארשלאגן,
וואס וואלטן דערמעגלעכט צו ליקווידירן דעם
ענין מיט א קעגנזייטיקער פארשטענדעניש.

מיר ווילן זאגן זייער אויפריכטיק: עס איז
נישט קיין פארגעניגן פאר אונז זיך ארייננצו-
מישן אין דעם ענין - אבער מיר קאנען אויך
נישט אריבערגיין צום סדר היום איבער דער
טענה,וואס קומט צו אונז פון אן ארגאניזאציע
פון פוילישע יידן,פאר וועלכע די וועלט-פעדע-

ראציע איז דער אלגעמיינער ראַם פאר טעטי-

קייט.

מיט דרך ארץ

א.רייס.
(אונטערשריפט)



וועגן ארכיוו פון דער רעוויזיאניסטישע פארטיי

אין קלאבוצק:

זייענדיק אין קלאבוצק,איז מיר בעלונגען אויסצו-
בעפונען דעם ארכיוו פון דער רעוויזיאנ.פארטיי.
אהיימקומענדיק צו שוועדן,האב איך דעם ארכיוו
איבערגעשיקט צו אברהם גאלדבערג אין ישראל.

---

יעצט מיינע ליבע לייענער וועל איך אייך איבערגעבן
א לעגענדע וועגן אונזער שטעטל ק ל א ב ו צ ק.

# א גלחישע טאגע

דאס שטעטל קלאבוצק איז געווען אן אלט יחוסדיק שטעטל וואס האט שוין עקזיסטירט הונדערטער יארן. יש אומרים אז עס איז געגרינדעט געווארן נאך אין די צייטן פון קיסר מיעשקא דעם צווייטן, דורך דעם ערשטן יידישן עמיגראנטן־שטראם וואס איז אריבער פון דייטשלאנד קיין פוילן. דאס שטעטל אליין ליגט אין א שיינער געגנט צווישן סאסנע וועלדער און באוואסערטע פעלדער. די לופט איז גוט און געזונט און די ערד — פעט און שווארץ. די איינגעוואנדערטע דייטשישע יידן וואס איז זיי שוין נמאס געווארן דער פארביסענער אנטיסעמיטיזם און די דייטשע בהמהשע גאווה — האבן דא באלד ביים אריבערשרייטן די גרענעץ באשלאסן „פה־לין"; דא וועלן זיי נעכטיקן און לייגן די יסודות פאר א נייער , פרייער היים.

מחמת דעם וואס קלאבוצק איז נאענט געווען צו דער דייטשישער גרענעץ, איז עס מיט דער צייט געווארן א שטיקל האנדלס צענטער. סוחרים האבן אריבערגעפירט פארשידענע סחורות פון יענער זייט. בעלי מלאכות האבן די רויע סחורות אויסגעארבעט און פארקויפט נאענט און ווייט. ביסלעכווייז איז עס געווארן א שיין פרנסה־שטעטל מיט עטלעכע יידן גבירים אויך.

אמאל האט דאס מלכות באשלאסן צו לייגן א נייעם וועג קיין דייטשלאנד וואס האט געדארפט דורכשניידן דאס שטעטל קלאבוצק. אין תחילת האבן זיך די שטאט־לייט געפרייט. א נייער וועג וועט אריינברענגען אן אויפלעבונג אין שטעטל: פרעמדע סוחרים, פאבריקאנטן, וואיאזשארן, קונים — צו דעם אלעם דערלייגט מען נישט קיין געלט. אבער אז עס זענען אנגעקומען די מעסטער אין צייכנער און האבן באשטימט, אז דער נייער שאסיי זאל דורכשניידן דעם אלטן בית הקברות, איז געווארן אין שטעטל א יגון ואנחה. א קלייניקייט! אזא יחוסדיקער בית הקברות וואס עקזיסטירט שוין הינדערטער יארן, די גרין מיט מאך באדעקטע מצבות זענען פארזינקען טיף אין דער ערד מיט שוין נישט לעזבארע אויפשריפטן; אזעלכע גאונים, צדיקים און קדושים, וואס ליגן שוין באגראבן זינט דורות, ועט מען זיי איצט גיין מטלטל זיין די ביינער און פארשטערן זייער מנוחת עולמים?... דער רב האט גוזר תענית געווען. מען האט געפרווט מיט שוחד באשטעכן די ארטיקע אמטן און די קרייז באהערדן. אבער אלע באמיאונגען האבן נישט געהאלפן. די גזירה איז באשטימט געווען פון אויבן און מען האט זי מער נישט געקענט אפשרייען. עס זענען זיך אנגעפארן וועגענער מיט זשוויר, קאנט־שטיינער און שווערע פרעס־פעסער. עס איז שוין קיין ברירה נישט געווען. מען האט געמוזט עקסימירן און אריבערפירן די הייליקע ביינער אויפן נייעם בית עולם.

אין דעם טאג ווען מען האט איבערגעפירט דעם אלטן בית הקברות איז געווען חושך אין שטאט. אלע האבן זיך אויפגעהויבן פארטאג, געזאגט סליחות פארן דאווענען און מקבל תענית געווען. פארן טויער פון אלטן בית־הקברות האט דער רב געזאגט א תפילה פון „מעבר יבוק" און האט געבעטן סליחה פון די שוכני עפר. ווייבער האבן אייסגעמאסטן דעם גוטן ארט מיט געוויינען און קלאג געשרייען. דערנאך האבן בעלי בתים אנגעהויבן גראבן מיט רידלעס און שפאדלעס. אריינגעלייגט די ביינער אין נייע זעק און אריבערגעפירט צום נייעם בית הקברות.

## א לעבעדיקער מת

נאכמיטאג האט פאסירט אויפן בית הקברות א געוואלדיק געשעניש. אויפגראבנדיק א קבר אונטער אן אלטער מצבה, וואס איז שוין שווארץ געווען פון אלטקייט. מען האט קוים געקענט דעשיפרירן דעם נאמען: ר' יעקב בר' צבי — האט מען געפונען דעם האלץ־ארון כמעט ניי, ווי איצט אפגענומען פון סטאלער. דער מת איז געלעגן איינגעוויקלט אין א ווייסער גלחישער טאגע מיט פראנדזן און א שווארצן שלייף ביים קאלנער. דאס פנים פון בר מנין האט אויסגעזען ווי לעבעדיק, בארד און פיאות אומבארירט. די ליפן האבן זיך געפאלדעט ווי אין א שמייכל, נאר די אויגן זענען געווען געשלאסן אונטער די שערבלעך. די מתעסקים זענען דערציטערט געווארן: ווי קען דאס זיין? אזוי ווי ערשט נעכטן באגראבן. און דער מת ליגט שוין אוודאי מער ווי הונדערט יאר אין קבר!...

אלע זענען געלאפן קוקן אויף גרויס ווינדער. דער רב, ר' אייציקל, האט געהייסן מאכן פאר דעם מת א באזונדערע לוויה און נאר חברה קדישא־לייט וואס האבן זיך פריער טובל געווען אין מקוה, זאלן זיך מיט דעם מת מתעסק זיין. דער רב האט געהאלטן א הספד און פארגלייכט דעם אומבאקאנטן מת צו משה רבינו, וואס הקדוש ברוך הוא אליין האט אים באגראבן ווי אין פסוק שטייט: „ויקביר אותו בגי". און קיינער ביז היינט ווייסט נישט דעם מקום קבורתו, אויך ביי דעם צדיק ווייסט קיינער נישט ווער ער איז... מען האט פאר דעם מת אויסגעזוכט א קבר אין דער שורה פון רבנים, און דער רב האט אליין געזאגט קדיש נאך סתימת הגולל.

צומארגנס האט דער רב נאכגעזוכט אין אלטן שטאט־פנקס פון קהל און פון חברה קדישא. אפשר איז עפעס אנגעצייכנט פון א צדיק גארנישט געפונען. די דאזיקע מעשה האט אים קיין רו נישט

געגעבן, ער איז נישט געשלאָפן אין די נעכט, האָט ער באַשלאָסן אריבערצופאָרן קיין קוזמיר צום רבין זיך שואל עצה זיין וואָס צו טאָן.

דער קאַזימירער רבי האָט אויסגעהערט די געשיכטע מיט גרויס אינטערעס און האָט דעם רב געגעבן אַן עצה. היות ווי אין אשפּצין זיצט אַ ייד אַ זקן, אַ בן תשעים, וואָס האָט אַמאָל געוווינט אין קלאָבוצק, איז כדאי צו פאָרן צו אים. אפשר געדענקט ער, אָדער אפשר האָט ער געהערט פון זיין טאַטן אַ געשיכטע פון איינעם ר' יעקב בן צבי, וואָס מען האָט אים באַגראָבן אין גלחישע קליידער.

דער רב ר' איציקל האָט אַזוי געטאָן. ער האָט מיטגענומען דעם ראש הקהל און דעם גבאי פון חברה קדישא און זענען צוגעפאָרן קיין אשפּצין. נאָך אַ נאָכפרעגעניש האָבן זיי געפונען דעם אַלטן ר' יודל וואָס האָט אַמאָל געוווינט אין קלאָבוצק, און היינט געפינט ער זיך ביי זיינע אייניקלעך, שניט סוחרים, אין אשפּצין.

דער זקן איז שוין געלעגן צו בעט, אַ סגי נהור, און אַ צאָן אין מויל. דערפאַר אָבער האָט דער מוח געאַרבעט ביי אים ווי ביי אַ יונגערמאַן. מען האָט אים געקענט פאַרשטיין יעדעס וואָרט. ער האָט זיך דערמאָנט די מעשה, וואָס זיין טאַטע האָט אים דערציילט פון איינעם אַ ייד, וואָס האָט געשריבן אין זיין צוואה, אַז מען זאָל אים באַגראָבן אין אַ גלחישן בגד צוליב אַ מעשה שהיה:

## אַן אַלטע מעשה

עס איז שוין פון דער געשיכטע אַ יאָר הונדערט און פופציק. דעמאָלט האָט געלעבט אין שטאָט אַ ייד אַ מכובד, אַ תלמיד חכם, אַ בעל צדקה און אַ רודף מצוות. מען האָט אים גערופן ר' יעקב הערשלס. אין יענער צייט איז געווען אין שטעטל אַ יתומה, אַ בת טובים פון הרוגי מלכות, נישט קיין טאַטן און נישט קיין מאַמען. זי איז שוין געווען אריינגעוואַקסן אין יאָרן, און עס האָט זיך איר ר' יעקב בר צבי, אָבער ער האָט נישט געמאַכט קיין שידוך. איז אַמאָל דורכגעפאָרן דאָס שטעטל אַן אָרעמער בחור פון יעדזשעוו, וואָס האָט מסכים געווען צו נעמען די יתומה בתנאי מען זאָל אים געבן נדן 300 רייכסטאַלער, ווייל ער גרייט זיך צו פאָרן קיין דייטשלאַנד און וויל דאָרט עפענען אַ שטיקל מסחר. אַזאַ אוצר מיט געלט! מענטשן האָבן געוואָלט משפיע זיין אויפן חתן־בחור ער זאָל אַביסל נאָכלאָזן, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן שטאָל און שטיין. אַ פעניג נישט ווייניקער! האָט זיך ר' יעקב הערשלס גענומען צום עסק. ער האָט זיך אַליין באַשטייערט, געמאָנט און געריסן ביי אַנדערע, ביז ער האָט צונויפגעשלאָגן 150 טאַלער. נו, וואָס טוט מען ווייטער? דער חתן־בחור סטראַשעט, אַז ער נעמט דאָס פעקל און פאָרט ווייטער...

געווען אין שטעטל אַ שניידער האָט ער געהייסן פאַלקע, אַ שטיק גביר נאָר אַ קל שבקלים. אַ גאַנצן טאָג איז ער געזעסן ביים שער און אייזן און רק געזונגען געראַמטע לידלעך, נאָכגעשפּעט פרומע מענטשן, און נאָכדערציילט גראָבע וויצן. אין אַ וואָכן־טאָג איז זיין פוס נישט באַטרעטן דעם שוועל פון בית המדרש. נאָר שבת פלעגט ער קומען, זיך שטעלן הינטערן אָרון און נאָכקרימען דעם רב, דעם גבאי, די שמשים און סתם שיינע יידן, און די גרינגע לייט האָבן געלאַכט אין די פויסטן. אַ פרומער ייד האָט אויסגעמיטן זיין שטוב ווי מען מיידט אויס אַן עבודה זרה. ער איז גאָר נישט געשטאַנען נאָך יידישע לייזעכץ. אַלע גויאישע פריצים און גלחים פון געגנט, אַפילו פון טשענסטאָכאָוו, האָבן אים באַשיט מיט אַרבעט, און זיי האָבן דווקא ליב געהאַט צו הערן זיינע לידלעך און גראָבע וויצן.

כאָטש ר' יעקב הערשלס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען ביי פאַלקע שניידער אין שטוב, איז ער דאָסמאָל אריין צו אים בעטן פופציק טאַלער. פאַלקע איז גראָד געזעסן מיט זיינע געזעלן, געניט אַ גלחישע טאָגע מיט פראַנדזן און זיך צוגעזונגען אַן אויסגעלאַסן לידל. ער איז אַביסל איבעראַשט געוואָרן זעענדיק דעם חשובן גאַסט. באַלד האָט ער קרים געגעבן מיט אַן אויגל צו זיינע געזעלן און אויסגערופן אין שפּאַס: „סקאַצל קומט! וואָס וועט איר זאָגן ר' יעקל? די מקוה רינט... דער רב האָט זיך אויסגעלינקט דעם גיד הנשה... אָדער אפשר האָט דער שמש געלייגט אַן איי און עס איז געבוירן געוואָרן אַ טשערעפּאַכע...“ די געזעלן האָבן זיך צעכאַכאַטשעט. ר' יעקב איז בלאַס געוואָרן פון דאָזיקן מושב ליצים. אָבער דער ענין פון הכנסת כלה האָט אַלץ איבערגעוויגן. ער האָט פאַלקען דערציילט פון דער גרויסער מצווה חתונה צו מאַכן אַ יתומה. ער פאַרלאַנגט כאָטש פופציק טאַלער אַ נדבה. אַ קונדאַסישער פייערל האָט זיך אָנגעצונדן אין פאַלקעס שטיפערישע אויגן. ער האָט זיך אָנגערופן צו ר' יעקבן:

— ווייסט איר וואָס? ר' יעקב! אויב איר וועט אָנטאָן די דאָזיקע גלחישע טאָגע וואָס איך ניי דאָ, און איר וועט מיט איר אַרומשפּאַצירן איבער דער שטאָט, וועל איך אייך געבן די גאַנצע 150 טאַלער און די טאָגע וועל איך אייך אויך געבן אַ מתנה...

ר' יעקב איז דערציטערט געוואָרן פון דעם געמיינעם פאָרשלאַג. דאָס בלייכע פנים איז פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט. דאָס גאָרגל־קנעפּל האָט זיך געשפּינעוועט אַרויף און אַראָפּ. די אָדערלעך ביי די שלייפן האָבן געקלאַפּט ווי מיט האַמערס. ער האָט געטראַכט אַ לאַנגע ווײַלע. פּלוצלונג האָט ער אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו פאַלקע שניידער:

— געמאַכט אַן עסק! לייגט איין דאָס געלט, און איך וועל זיך אָנטאָן די גלח־קליידער...

## בזיונות

וואָס עס האָט זיך אין יענעם טאָג אָפּגעטאָן אין דעם קלובאַצק! די גאַנצע שטאָט ייִנגלעך מיט אַלע לאָבוזעס און גאַסן־יונגען זענען געשטאַנען אין גאַס און אָפּגעוואַרט ווי דער בכבודיקער און חשובער בעל הבית ר' יעקב הערשלס איז אַרויס פון פאַלקעס הויז מיט דעם לאַנגן ווייסן גלחישן כאַלאַט מיט די רויטע פראַנדזן און דעם שוואַרצן שלייף ביים האַלדז. ער איז געגאַנגען טריט ביי טריט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און בלאַס ווי די וואַנט. אין אָנפאַנג האָט זיך נאָך דאָס פעבל פאַרהאַלטן אין רעזערוו. אַביסל

דורך ארץ געהאט, פאַרט אַ ייד אַ למדן! דערנאָך, האָבן זיי אים גענומען נאָכבלעקעכצן ווי ביי אַ גראַישער לויה. זיי האָבן אים געשטויסן, געצופּט ביים היטל, באַשאָטן מיט זאמד און באַוואָרפן מיט שטיינער. די געלעכטערס האָבן זיך געקייקלט איבערן גאנצן שטעטל. די בעלי בתים פון שטעטל האָבן דאָך גאָרנישט געוווסט פון אָפּמאַך, זענען זיי געשטאַנען ביי די טירן אָדער ארויסגעקוקט דורך די פענצטער פארווירט און דערשראָקן: רחמנא לצלן! וואָס טוט זיך דאָ? אויף אלע שונאי ישראל געזאָגט געוואָרן! משוגע געוואָרן!...

ר׳ יעקב הערשלס איז אהיימגעקומען צעקלאפּט און צעמזיקט. אָבער די שמחה של מצווה האָט אים געמוטיקט און געגעבן כוח איבערצוּווינדן די יסורי הגוף והנפש, וואָס דער טרויעריקער מאַרש האָט אויף אים געמאכט. ער האָט געשיקט רופן דעם חתן און אים אויסגעציילט דעם גאנצן נדן. עס איז טאַקע באלד פאַרגעקומען די חתונה און ר׳ יעקב איז גליקלעך געווען צו זען די יתומה מיט אַ פאַרדעקטן קאָפּ און פאַרדיסלטע באַקן פון גליק.

נישט לאנג האָט געדויערט ביז די שטאָט האָט זיך דערוווסט די סיבה פארוואָס ר׳ יעקב האָט אזוי מאַרשירט אין די גלח־קליידער. די, וואָס האָבן חושד בכשרים געווען, האָבן געבעטן ביי אים א מחילה. ער איז נאָכמער מכובד געוואָרן אין שטאָט, און שטאָטלייט האָבן זיך געגרויסט מיט אים.

ווען ר׳ יעקב האָט דערפילט, אז עס קומט זיין טאָג, האָט ער געשיקט רופן חברה קדישא, און געבעטן זיי מען זאָל אים נאָכן טאָן זיין רעכט, איינוויקלען און באַגראָבן אין דער גלחישער טאָגע...

האָט שפּעטער מסביר געווען דער קאזמירער רבי:

— דאָס בגד אין וועלכן עס איז געטאָן געוואָרן די גרויסע מצווה, האָט מגין געווען אויפן נפטר, אז נישט מלאכי חבלה, נישט די ווערעם און אפילו דאָס פוילעניש זאָלן האָבן די שליטה איבערן הייליקן גוף פון נפטר, און ער וועט ווייטער זיך אזוי אויפהאלטן גאַנץ און אומבאַרירט ביז צום ביאת הגואל און תחיית המתים...

---

---

---

---